ל. קוסמאן

# עזרא

## וועגן איינעם און א דור

הויפט־פארקויף
משה־שמואל־שקלארסקי
ניו־יארק, 1948

# EZRA

A POEM

By

**LEON KUSSMAN**



שער־בלאט געצייכנט פון סעם זאגאט

Sole Distributor

MORRIS S. SKLARSKY

10 Monroe Street, G.D.4. New York 2, N. Y.

Printed in U. S. A.
The Shoulson Press, New York
255

# אינהאַלט



הה! קנך משולח, גוזליך נעו נצו,
נגוזו כצל כולם בין העצים הגבוהים . . .
רבים אל־ראשי הצורים נופצו
ובשדות אחרים עוד רבים תועים.

**ח. נ. ביאליק, על־סף בית־המדרש**

I

דאָס לעבן פאַנגט מיט ליבע אָן,
יאָ, זיכער אויך מיט זיסן ווי.
עס שטעלט דאָס קינד שוין וואָס אין קאָן
ווען עס דערלאַנגט זיין ערשט געשריי.
מיט מוטערמילך ווערט דורשט געשטילט,
אין מוטערפרייד זעט קינד דאָס ליכט;
און יעדער שריט איז שוין געהילט
אין ציטער פאַר אַ נאָנטער פליכט.
דער וועג פאָרויס — יאָ, זאַמד און שטויב,
ווען אויך פון בלומען אין באַגלייט,
ס׳קאָן ערגעץ נאָנט אַ האַנט פון רויב
אַ נעץ שוין האָבן אויסגעשפּרייט.
אַזוי אין גאַנג פון דיינע טעג
קומט דיר אַנטקעגן תהום און ברעג.

II

פון ס׳נײַ געשאַפן ווערט די וועלט
ווען ליכט גײט אויף אין יעדן זעל.
דער הימל קאָן פאַר קלענסטן צעלט
אויפהענגען צײַטיק זון בײַם שוועל.
נאָר אָט אַ שריט — און שוין באַזיגט
שטײַסטו פאַר זון מיט דײַן באַגער.
פאַרלאַנג איז צער. אַ בלום צעפּליקט
איז אַ דערמאָנונג פײַנלעך שווער.
אַ שטורמיש ים איז יוגנט־גליק,
פאַר רודער זיכער קײנעמס האַנט.
און צײכנט וועג פאָראויס, צוריק —
אין נעבל דאָס געבאָטן לאַנד.
און ברעכט די כוואַליעס אויף דײַן שיף,
ווײסטו קײנמאָל ווי גרונט איז טיף.

III

בײַם זוים פון וואַלד פאַנגט אָן דאָס זײַן
פון אונזער נײַגעבאָרן העלד:
אויף שפּיץ פון בוים האָט ער די שײַן
דערזען — דערקענט צוערשט די וועלט.
דרײַ יאָר איז ער געווען דאַן אַלט
ווען טאַטעס פור ציט שנעל אַרויס
פון דעם געדיכטן, לאַנגן וואַלד —
און ליכטיק פעלד שפּרײט זיך פאָרויס!
אין יענעם טאָג, ווען טאַטעס פור
האָט הויזגעזינט אין שטאָט געבראַכט,
האָט ער דערקענט זײַן לעבנשפּור,
וואָס ער גענומען אָן פאַרדאַכט.
אַזוי פון וואַלד גײט אויס זײַן טריט,
וואָס זודיק ערד האָט אָפּט געבריט.

IV

ער האָט פאַרקוקט זיך אויף דעם זוים.
מיט אים האָט ער דערזען דעם וואַלד:
אַ בלאַט, אַ צווייג, אַ גאַנצן בוים —
און אַלץ אַרום באַקומט געשטאַלט.
עס האָט אַ שטראָם פון מאָרגנליכט
פאַרפלייצט דאָס נייגעבאָרן קינד,
ווי קענטיק ווערט אים מאַ׳ס געזיכט!
ער זעט די בייטש, וואָס טרייבט געשווינט
דאָס פערד. אַ שווייס באַדעקט זיין פעל.
די ברידער, שוועסטער אויפגעוואַכט.
און אַלץ אַרום איז ווייט און העל —
אַדיע, דו אומבאַקאַנטע נאַכט!
אָט דאָ ביים זוים האָט קינד דערקענט
אַז לעבן שטראָמט אין זיינע הענט.

V

מיט פולע הויפנס לעבן, ליכט,
איז קינד געשפּרונגען אויף דער גאַס,
געטריבן פריידיק פון אַ פליכט
צו שענקען ליבע, טויטן האַס.
נאָר שוין ביים שטעלן ערשטן שריט
האָט קינד געפילט זיך אָפּגענאַרט:
ווי יעדער וואָרעם צו זיך ציט,
זיין שפּייז אין קאַמף זיך נעמט פון שאַרט!
ער האָט געזען נאַטור איז רייך
צו שפּייזן מענטשן, פי, רעפּטיל;
און וואו אַ בליק — זע, ניטוואו גלייך,
איז מאַנגל דאָ, ווייל דאָרטן פיל.
אין פאָטערס הויז גאָרניט געפעלט,
נאָר זון פון וואָלקן שוין פאַרשטעלט.

## VI

ער איז געווען דאָס זעקסטע קינד,
פון צען פֿאַרבליבן זיינען זעקס.
איין ברודערס טויט טויכט אויף אַצינד
אין וויטן, טונקעלן רעפלעקס.
אָט זיצט די מאַמע ביי זיין בעט.
זי וויינט. עס פינקלט יעדע טרער.
איר קאַלטע האַנט האָט זיין שטערן גלעט.
פֿאַרגליווערט ליפּן. אָטעם שווער.
אין פיבער ער געווען אַליין
פון מאַזלן, סקאַרלעט, צי פון וואָס,
האָט ער גאָרניט געקאָנט פֿאַרשטיין
פֿאַרוואָס דער טויט אין ברודערס כוס.
קאָן מאַמע געבן אים באַשייד?
אָ, ליב איז אים דער מאַמעס רייד.

## VII

ווי מאָדנע האָט דאָס קינד געפילט:
געווען אַ ברודער ביי זיין זייט,
מיט אים אויף דיל זיך אומגעשפילט,
און ערגעץ ווייט אַוועק — ווי ווייט?...
האָט ניט באַגריפן וואָס איז טויט,
וואָס מיינט געווען און מער ניטאָ...
וואָס צאַנקט אַ פלעמל דאָרטן רויט?...
ניטאָ מער טאָג?... אַלץ שפּעטע שעה?...
און וואו די זון אַ גאַנצע נאַכט?...
פֿאַרוואָס זעט ער קיין ברעקל שיין?
פֿאַרוואָס די לאָדנס צוגעמאַכט?
עס זאָל דער טויט דאָ ניט אַריין?...
און קומט דער טויט — ער וויל אים זען!...
צי קאָן ער לעשן אים זיין ברען?...

## VIII

פון קראַנקן קינד ווערט אַלץ פאַרבאָרגט,
כאָטש שוין אַרויס ער פון געפאַר.
ער זעט דעם טאַטן שטאַרק פאַרזאָרגט,
געטיילט האָט ער דער מאַמעס צער.
אין הויז דער פאָטער זעלטן דאָ,
פרנסה האָט אַזוי באַשערט.
געבענטשט דאָס קינד האָט יענע שעה
ווען ער דעם פאָטערס טריט געהערט.
אין שווייגן שטענדיק איינגעהילט
זיין שלאַנקע, מעכטיקע געשטאַלט,
פון ליבע זיכער איבערפילט,
זעט ער אויס שטרענג, יאָ, ווייט און קאַלט.
געדענקט זיך ניט אין טאַטענס שויס —
אָן קוש, אָן בייזער גייט דאָס הויז.

## IX

נאָר איינמאָל — יאָ, האָט וואָס פאַסירט.
ווער קאָן פאַרגעסן אַזאַ פאַל?
דאָס קינד מיט עפּעס האָט געאירט,
געוועזן אין הויז דאָס אַ סקאַנדאַל.
דער טאַטע שווייגט. ער רעדט קיין וואָרט.
אויף קינד הויבט ער קיינמאָל אַ האַנט.
און דאָ — „אין ווינקל! שטיי אָט דאָרט!
און זאָל עס זיין דיר גוט צו שאַנד!"
שטייט קינד אין ווינקל. ליב די שטראָף.
ווי טייער איז אים טאַטעס מאַכט!
נאָר אָט... עס פאַלט אויף אים אַ שלאָף,
עס רוקט זיך אָן די נאָנטע נאַכט.
דער פאָטער איז אַוועק פון הויז,
פאַרגעסן זאָגן „גיי אַרויס..."

X

עס פאַלט דאָס קינד פון זיינע פיס,
עס בויגן אים זיך טיף די קני,
נאָר טאַטעס שטראָף איז אַלץ אים זיס,
ער וועט דאָ שטיין ביז מאָרגן פרי...
די מאַמע איז פאַרטאָן אין קיך,
עס קאָן נאָך ווערן וואָס פאַרברענט;
נאָר אָט לויפט זי אַריין גאָר גיך
און הויבט אָן ברעכן מיט די הענט:
„צו מיינע שונאים!... עזרא, וואָס?...
איןווינקל נאָך די גאַנצע צייט?!
פאַרטריקנט, שלעפריק, רייבסט די נאָז —
עס וועט ניט זיין פון דיר קיין לייט...
„נו גיי אַרויס!״ באַפעלט די מאַ.
און ער: — אָ, ניין. דאָס מוז דער פאַ.

XI

יאָ, איינגעשפּאַרט געווען דאָס קינד,
בלייבט צוגענאָגלט צו דער וואַנט:
ער וועט דאָ שטיין פאַר זיינע זינד
און קושן נאָך דעם פאָטערס האַנט.
ער שטייט אָט דאָ אויף טאַטעס וואָרט,
און וועט אַרויס אויף זיין באַפעל.
עס מעג די מאַמע שרייען דאָרט,
ער מאַכט קיין טריט ניט צו דער שוועל.
און כאָטש באַפעל געווען צו שטיין,
האָט ער דאָס שטרענג ניט אָפּגעהיט.
ער פילט, עס ברעכט אים יעדער ביין...
מאַגנעט דער דיל... עס ציט, עס ציט...
ער זינקט אַראָפּ. אין שויס פון שלאָף —
נאָר דאָס נאָך ניט דער גאַנצער סוף.

XII

און עפּעס נאָך פון אינצידענט
געדענקט מיין העלד ווי דורכן טרוים:
דער פּאָטער טראָגט אים אויף די הענט,
די מאַמע שרייט, קלויבט ווערטער קוים:
„דו ביסט אַ גזלן, אַ רוצח,
גאָר קיין רחמנות אויף אַ קינד,
אַוועק פון הויז, ווי גאָר אָן מוח,
און מיר איז דאָ אַז וויי און ווינד.
דעם עופּ׳לעס צער — עס כאַפּט אַ גרויל.
געקוועלט אויף דיל אָן שפּייז, אָן טרונק.
פון קינד צו טראַכטן — יע, צו פויל.
אַז פּאָטער-האַרץ ניטאָ קיין פונק״.
— פאַרגעסן... נו... — דער טאַטע שווערט,
נאָר מאַמעס שטראָף ניט אויפגעהערט.

XIII

אויף וואַנט געהאַנגען האָט אַ בילד,
אין שטוב אַ באָבע זיך געדרייט;
און עזראַ׳ס נייגיר איינגעשטילט
ווערט דורך אַ לאַנגער יחוס-קייט,
וואָס אַלטע באָבע אויפגעראָלט
מיט נאָנטע פעדים אין באַריר.
און שטאָלץ איר בליק — די קייט איז גאָלד,
דאָס בילד אין יעדן הויז אַ ציר.
פון פּאָטערס צד גייט אויס דער שטאַם,
יאָ, ווייט און ברייט טראָגט זיך דער רום,
און אַלטע פרוי ביים לעמפּל-פלאַם
וועבט אים אַ חלום אין פאַרפיום.
עס איז אַ חלום, אַ געזאַנג,
וואָס קינד מוז טראָגן אין זיין גאַנג.

## XIV

עס זיצט דאָס קינד אין באָבעס שויס
און האָרכט. זיין בליק צום בילד אויף וואַנט.
„דאָס איז, מיין קינד, אַ גאון גאָר גרויס . . .
דער ווילנער. ווייט זיין שם באַקאַנט.
געהייסן זיידע האָט נאָך אים.
מיין אליה. דיר צו לאַנגע יאָר.
און נאָך ווי איצט הער איך די שטים
פון שווער. אַ שווייגער גרויס ביז גאָר.
אַ וואָרט געציילט. אַ תלמיד פון דעם גאון.
דעם ברודער ר׳ אברהם׳ס זון.
ביים שיעור געזעסן אויבנאָן,
נאָר עפּעס ניט אַרויס דערפון.
ס׳האָט שווער קיין רב געוואָלט ניט זיין,
ס׳איז אַ מחשבה אים אַריין :

## XV

„אַז ערד און אַרבעט, אַקער, פעלד,
איז אויך אַ וועג צו דינען גאָט.
אַוועק מיט האַנדל, ריווח, געלט !
אויף ווינט דער איד, צו שאַנד און שפּאָט.
ס׳האָט שווער געהאַט מיט גאון אַ רייד,
געזאָגט אים וואָס ער טראַכט און דענקט.
און גאון געהאָרכט האָט שטילערהייט,
האָט קענטיק ניט געפילט געקרענקט.
פאַרלאָזן תורה איז אַ זינד,
נאָר ערד און אַרבעט קויפט דאָס אויס.
ס׳איז גאון צו דעם געווען ניט בלינד.
און ווען באַגלייט דעם שווער אַרויס,
האָט ער געזאָגט : — הצלחה דיר.
גאָטס דרכים האָבן ניט קיין שיעור. —

XVI

„אַ ביישפּיל נעמען מעגסט פון ביידן:
ס'איז תורה, אַרבעט גלייך אויף שאָל.
צו לערנען פון דיין עלטערזיידן
איז ווי געהערט דעם ווילנערס קול.
דער שווער פאַרשטאַנען זיינע וועגן,
פון פעלד צו תורה די מינוט.
פון ווייטע מקומות צו אים פרעגן
איז מען געקומען אין דיספּוט.
פאַר למד־וואָו האָט ער געגאָלטן
אַרום גאָר ווייט אין יענעם קאַנט.
ווען ניט דער פּריץ — אַז פאַרשאָלטן —
געוועזן נאָך איצט מיר אויף דעם לאַנד.
צו מסחר מוז דער טאַטע גיין —
דו וועסט, מיין קינד, אַמאָל פאַרשטיין".

XVII

עס האָרכט דאָס קינד צו באָבעס רייד,
זיין הערצל פול מיט ווייטן קלאַנג.
ער זעט, עס שוועבט אַ ליכטיק פרייד
אַרום אין חדר. אַ געדאַנק
טראָגט אים אַוועק אין הימל שיר:
ער וואַקסט אויס גרויס. ער פאָרט אַהין,
וואו אָט דער גאון זאָגט אַ שיעור...
צום עלטערזיידן אין שנאַרגלין...
כאָטש דער און יענער לאַנג ניטאָ...
ניט צו געפינען מער ניטוואו...
און אויך די באָבע איז שוין גראָ...
די אויגן בלוי... זי וויגט אים צו..
די טיפע קנייטשן פון געזיכט
געשטראַלט נאָך לאַנג מיט יחוס־ליכט.

## XVIII

ווען אויסגעוואַקסן אונזער העלד
און זיך פאַרקלערט וואָס איז דער מיין
פון יחוס־טראַט אין אונזער וועלט —
אין וועג ביסטו שוין ניט אַליין...
באַנומען תורה׳ס טיפן ווערט,
צוגלייך מיט אַרבעט דער יסוד,
און ווערסט אין וועג געקרענקט, געשטערט,
דער עבר שענקט דיר נאָך זיין גנאָד.
דו פליסט אויף פליגל פון אַ מאַכט,
וואָס טריפט צו דיר פון דור צו דור,
און מעגסטו ווערן אויסגעלאַכט,
דיין שאַפן איז נאָך אַלץ די וואָר.
קוים גליט אַ פונק אין דיין געביין,
אין מדבר וועט ער ניט פאַרגיין.

## XIX

אין חדר עזרא פרי געוואָלט,
די ברידער נאָכגעלאָפן אָפט.
פאַר דעם שכר לימוד ניט געצאָלט,
און קיינער אויך פאַר דעם געשטראָפט.
נאָר ברידער איינמאָל אים גענאַרט,
אַוועק אַליין מיט זייטיק גאַנג.
אַ ווינטער־טאָג. דאָס קינד זיך שאַרט
דורך שניי און קעלט. און לאַנג
געבלאָנקעט איבער געסלעך קרום.
פאַרפראָרן ברענגט אים ווער אַריין,
אין אָנמאַכט פאַלט דאָס ברעקל אום.
מען קאָן פאַרשטיין דער מאַמעס פיין.
צו וואַרמען זיינע הענטלעך גיך
אין בוזעם שטעקט זי זיי צו זיך.

XX

עס האָט דער מלאך קיין קאָנפעקט
איבער אלף־בית אים ניט געשפּרייט.
פאַרוואונדערט רבי האָט אַנטדעקט,
אַז אָט די תורה קינד פאַרשטייט,
ווי מלאך וואָלט מיט שנעל אין נאָז
דאָס וויסן אים אויך מיטגעשענקט.
„פון וואַנען ? וואו ? ווער און וואָס ?..."
פרעגט רבי שיר אין זיך געקרענקט.
צו עברי, חומש טאַקע באַלד
האָט רבי עזרא'ן צוגעפירט ;
די תורה וואַקסט אין נייגעשטאַלט,
דאָס קינד אַלץ מער התחיבות שפּירט.
ער פילט, ער ווייס, אַז דאָ באַגינט
דאָס ז י י ן פון יעדן אידיש קינד.

XXI

ס'איז שיקזאַל בלינד. עס האָט קיין זין
צו זוכן לאָגיק אין זיין שפּיל.
עס פּלאַנט געוויס פיל מער די שפּין
פאַר די קרבנות אירע פיל.
פאַרטריבן ווערט אַ איד פון פעלד,
דעם ווינט פון האַנדל אָנפאַרטרויט,
שפּירט ער גאָר ניט, אַז גלאַנץ פון געלט
לאָקט אָפט דעם שטן און דעם טויט.
אין עזרא'ס פאָטער זיידנס בלוט
האָט עפּעס העכערעס געמאָנט,
האָט ער געזוכט און ניט גערוט,
ביי דעם פאַרבלייבן ניט געקאָנט.
פון ערד אַוועק איז טריט אין צוים,
פאַר ליטע־איד גאָר ווייניק רוים.

XXII

עס האָט דער פאָטער אַ פּראָבלעם,
וואָס קינד געהאַט פאַר זיך דערנאָך.
עס איז אים ענג. ער איז אין קלעם
צו שלעפּן ליטעס שווערן יאָך.
דאָס קליינע קינד מיט נייגיר פול:
דער טאַטע רק אין זיך פאַרקלערט.
ער קאָן ניט רוען אויף זיין שטול
ווי עמיץ דאָ וואָלט אים געשטערט.
ליגט אויסגעצויגן אָפט אויף בעט
און פּיפּקעט ליולקע. רויך גאָר שטאַרק.
די ברוינע באָרד נערוועז אַ גלעט,
און אָט אַ שפּרונג. אַרויס אין מאַרק.
יאָ, אָפט דאָס קינד פון מאַ געהערט:
„דעם טאַטעס אומרו דיר באַשערט".

XXIII

די מאַמע נייט, סוכאַרקעס באַקט.
די עלטרע שוועסטער העלפט איר צו.
עס שטייען קערב שוין פול געפּאַקט,
און קיינער ווייס אין הויז פון רו.
דער טאַטע ווייט אַוועק פון שטאָט,
פאַרענדיקט מסחר, חובות קלויבט;
און באַלד, אָ באַלד, מיט הילף פון גאָט,
גייט אַלץ אין וועג — זיי ער געלויבט.
געוועז אין הויז אַלץ צוגעגרייט
צו פאָרן נאָך קאָלומבוס־לאַנד;
מיט געלט אין בוזעם, רייזע־פרייד,
פאַלט פאַ אין וועג פון רויבער־האַנט.
אין יענער בלינדער שיקזאַל־נאַכט
ווערט קינד אַ יתום — יאָרן אַכט.

XXIV

דורך לאַנגע טעג און לאַנגע נעכט
זיצט מאַמע, װײנט און װאַרט און װאַרט.
זי קוקט דורך פֿענצטער, ברעכט די הענט,
ניט עסט, ניט טרינקט, װערט אױסגעדאַרט.
ניטאָ דער פּאַ. אַז װאו און װען
האָט ער פֿאַרשװינדן דען געקאָנט ? . . .
עס זאָגט דאָס האַרץ איר, אַז געשען —
אַ גרױסער אומגליק איז גאָר נאָנט . . .
עס איז אַװעק אַ לאַנגע צײַט
ביז שלעכטע בשורה האָט דערגרײכט.
אין הױז די נױט מאַכט איבערבײט,
די קינדער מאַט און אױסגעבלײכט.
אױף צו דערנערן ס׳הױזגעזינט
באַקט מאַמע ברױט און װערט שיר בלינד.

XXV

פֿאַראַן נאָך פֿיל װאָס צו דערצײלן
פֿון קלײנעם עזרא דאָ און דאָרט ;
פֿון לעזער גאָרניט צו פֿאַרהײלן
האָב איך געגעבן מיר דאָס װאָרט.
נאָר איז דען יעדעס פּיצל, ברעקל
פֿון העלדס אַ לעבן אינט׳רעסאַנט ?
די לעכער צײלן אין דעם רעקל,
װאָס ער געטראָגן זיך צו שאַנד ?
װי שװער געאַרבעט זײנע ברידער
צו העלפֿן שלעפּן שװערן יאָך,
װי ער צו עלף געשריבן לידער,
באַװײנט דער מאַמעס, אײגן בראָך,
יאָ, פֿילע װאונדן ניט דערהײלט, —
און עפּעס בלײבט דאָ ניט דערצײלט.

## XXVI

אין יעדן לעבן לויפט אַ צייט,
וואָס לאָזט קיין שטעמפּל ניט נאָך זיך,
און שנעל גייסטו צום איבערבייט —
(באַשרייבן וויל מען ניט קיין פליך.)
אין עזרא׳ס אַכט ביז זעכצן יאָר
ליגט ניט קיין חלל, ניין, מיין פריינט.
צו נעמען דאָ אַ מעטאַפאָר
וואָלט איך געזאָגט: מיין העלד געשיינט
האָט ווי אַ בלום אין גאָרטן וויסט,
וואו קיינער זאָרגט ניט וועגן גראָז,
און ווען אַ שטאַרקער רעגן גיסט
ווערט בלום אַ דאַך דעם נאַסן האָז.
און אָט — אויב ס׳פעלט וואָס דעם פאַרגלייך,
איז דאָס דער לעצטער, שווער איך אייך.

## XXVII

דער פעטער דוד האָט קיין קינד.
דאָס האַרץ איז גוט. די שטוב איז פּוסט.
געוויינט די מומע פאַר די זינד
וואָס גאָט פאַרטריקנט האָט איר ברוסט.
אַ גרויסע קרעטשמע דאָ דערביי,
פּרנסה האָט נאָך ניט געפעלט —
זאָגט ער צו מאַמע: „סאַי־ווי־סאַי
קאָן איך ניט העלפן דיר מיט געלט.
נאָר שווער דיין יאָך, געוויס, געוויס.
וויל לייכטער מאַכן דיר מיט וואָס...
גיב מיר אַ קינד... נו יאָ, אַ ריס...
ס׳איז ביטער אויך מיין אייגן כוס״...
און אויף מיין העלד דאָס גורל פאַלט,
פאָרט ווידער עזרא דורך דעם וואַלד.

XXVIII

און ווידער זעט ער יענעם שפּיץ
פון בוים, וואו ס׳הענגט זיין איך — די וועלט,
וואָס ער דערזען ווי דורך אַ בליץ
ווען ליכטיק רוים האָט אויפגעהעלט
פאַר אים ביים טאַטן אויף דער פור.
און אָט די רעדער דרייען קריק
אין וואַלד אַריין . . . ער זוכט אַ שפּור
פון יענעם מאָרגן . . . ס׳פאַלט זיין בליק
אויף פעטערס שווייגנדער געשטאַלט . . .
ווי מאָדנע אַנדערש פון דעם פּאַ . . .
די בייטש העגנגט פויל . . . פון ערגעץ שאַלט
אַן עכאָ . . . דאָ איז שטיל און שאַ.
איז אָט דער איד אים טאַקע נאָנט ? . . .
און עזרא׳ס הערצל פרעגט און מאָנט.

XXIX

דעם פעטערס הויז געשטאַנען אָפן
פאַר יעדן דורכגייער אין וועג.
אַ מידער וואַנדרער האָט דאָ שלאָפן
געקאָנט. און עסן אויך דורך טעג.
ס׳איז קיין זאַך דאָ געווען פאַרבאָרגן,
אַחוץ דעם פעטערס טיפער צער.
מיט יעדן טאָג וואַקסט מער דאָס זאָרגן,
פּרנסה ווערט אַלץ דאַר און דאַר.
די מומע האַלט רק אין איין ריידן :
די גאַנצע וועלט נאָר אירע פיינט.
און וועמעס עלנט פון זייביידן
געווען איז גרעסער — פרעגט ניט היינט.
נאָר פעטער שם׳ט נאָך אַלץ פאַר גביר,
פאַר קיינעם ניט פאַרמאַכט די טיר.

XXX

אין הויז פון קינדערלאָזן אומעט
אַן איינזאַם קינד פינף יאָר פאַרברענגט,
אין גאַס נאָר שקצים פון אַרומעט,
קיין אויג האָט זאָרג אים ניט געשענקט.
ער העלפט דעם פעטערס שווערע פראַצע,
דיווירטשאַפט מוז דאָך זיין גאָר גרויס.
אויף פסח באַקט מען פודן מצה,
און עזרא טראָגט מתנות אויס,
דעם פריץ, גלח, סעלסקן שרייבער,
אין צוגאָב נאָך מיט פלעשער וויין;
און יעדעס מאָל דעם גלח׳ס „ווייבער"
דעם אינגל לאָזן קוים אַריין.
פון אידנפיינטשאַפט קיין באַגריף,
די פרעמדקייט פילט ער אָבער טיף.

XXXI

אָט דאָ צוערשט האָט קינד דערזען:
צוויי וועלטן טיילן מענטשן אָפּ.
דער איד געפאַנגען איז אין פלען
פון אייגן שיקזאַל — בורא׳ס גאָב.
דער פויער צו זיין ערד פאַרטרויט,
אַ חגא — קלינגט עס מיט געזאַנג;
אויף צו פאַרדינען ס׳שטיקל ברויט
פאַרקויפט דער איד אים אַ געטראַנק.
יאָ, די מחיצה טיפער ליגט.
אמונה דאָ — און וואָס איז דאָרט?...
ס׳האָט גאָט אַ תורה אונז געשיקט,
און ווער פאַרשטייט דעם אידנס וואָרט?...
אַזוי אין קשיות מער פאַרטיפט
גייט אום דאָס אינגל ניט געשטיפט.

XXXII

געזוכט האָט קינד אין אַלץ באַשייד,
שטאַרק גלויביק איז ער דאָך געווען.
געהאַט האָט ער גאָר ווייניק רייד,
נאָר אויגן שאַרפע אַלץ צו זען.
פאַרוואָס איז פּנים רק פאַרזאָרגט
ביים פעטער און ביי יעדען איד ?...
ווי אַלץ זעט אויס דאָ ווי געבאָרגט,
אפילו ס׳ערד פאַר דיינע טריט...
און וואָס איז אייגנס ?... גלויבן, גאָט.
געוויס מיט דעם איז איד גאָר שטאַרק.
נו היט ער אַלע צען געבאָט
און האַנדלט פרייטיק אויף דעם מאַרק.
יאָ, שבת איז דער איד אַ פּרינץ,
ווייל ניט באַרירן דאַרף ער מינץ.

XXXIII

פון בענקן אָפּט ווערט קינד פאַרכאַפּט,
לויפט ער אין פעלד גאָרניט געפרעגט.
מיט פרישע ריחות אָנגעזאַפּט,
און הינטער קאָרן זיך פאַרשטעקט —
פאַנטאַזיע ווערט דאָ ברייט צעהילט:
ער ווערט אַ פּאַסטוך, פּיטערט שאָף,
מיט דוד גלייך זינגט ער און שפּילט...
ער וועקט די אידן פון עם שלאָף,
אָנטאָן כלי־זיין... גיין אין שלאַכט...
דעם שונא שלאָגן רוק און לענד
וואָס ער צו חרפּה אונז געבראַכט,
דעם בית המקדש שווער געשענדט..
ס׳האָט חיבת ציון שוין געבליט
אין הערצל פון דעם קליינעם איד.

XXXIV

צו בויען האָט דאָס אינגל לוסט —
(דאָס לאַנד פון ציון ליגט נאָך ווייט.)
דאָס שטעטל דאָ איז קליין און פּוסט,
אויפריכטן זי געווען וואָלט צייט.
עס איז אַ שאַנדע און אַ שמאַך:
אַ שטעטל גרויס בלויז ווי אַ שפּאַן,
פאַרוואָס זאָל זי ניט זיין אַ כרך
און לויפן זאָל דורך איר די באַן?...
ער פאָרט אַוועק און ווערט גאָר גרויס...
ער קומט צוריק אַ מיליאָנער...
ער בויט דאָ לאַנגע גאַסן אויס,
עס קאָכט די שטאָט מיט איר פאַרקער...
אַזוי אין טרוימען וואַקסט דאָס קינד,
און יאָרן לויפן אָפּ געשווינט.

XXXV

עס האָט קאַזנאַ די שענק פאַרמאַכט
און מאָנאָפּאָל גאָר איינגעפירט.
צוויי אַלטע לייט. דער באָדן קראַכט.
מיין עזרא טיף דעם יאָמער שפּירט.
דער פעטער גייט פאַרלייגט די הענט
אַהינטער. מורמלט נאָר צו זיך:
„פּרנסה... כ׳מיין... נו, יע... פאַרברענט...
וואָס טוט מען?... האַ?... כאָטש נעם און קריך
אויף אַלע פיר... גראָב מיט דער נאָז
די ערד... אַן עלנד, כ׳מיין, אויף איר...
אָן קינד, אָן רינד... איז טאַקע וואָס?...
נו, עזרא... האַ?... דו פאָרסט מיט מיר...
קיין תכלית דאָ... די מאַמע וועט...
גיב, ראַיצע, טיי!... עס ווערט שוין שפּעט״...

XXXVI

אַ מאַמעס הויז איז האַרציק אָפן
פאַר אייגן קינד סיי פרי, סיי שפּעט.
און אויב ס׳איז ענג, ניטוואו צו שלאָפן,
איז דיל און קאַלדרע אויך אַ בעט.
די מאַמע מיד. די אויגן קלעפּן
פון באַקן, וואַכן גאַנצע נעכט.
ניט גרינג געוויס דעם יאָך צו שלעפּן —
און בורא מוז דאָך זיין גערעכט.
די עלטרע שוועסטער שלעפּט דעם וואָגן,
עס העלפן מיט די ברידער דריי.
דעם נייעם ברודער וויל וואָס זאָגן
די אינגסטע — נאָר זי לויפט פאַרביי.
און אָט איז עזרא אינדערמיט,
דאָס נאָנטע עלנט פריידיק גליט.

XXXVII

מיט דרייצן יאָר אַ אידיש קינד,
וואָס איז זיין ברירה, זיין באַגער
אין אָרעם ליטע?... וועג ליגט בלינד.
פאַר תורה, נו, געוויס קיין שטער
ווען איינער צייגט נאָר ווילן, לוסט.
עס קלינגט גאָר הויך גאָטס וואָרט אַרויס
פון אַלע שולן. ניין, ניט פּוסט
ווערט בלייבן אַ ישיבה־קלויז.
פאַר אַרבעט האָט דאָס קינד קיין זין,
דער מאַמעס האַרץ פילט דאָס גאָר גוט.
און באַלד פירט מוטער אים אַהין,
וואו זיסע קול׳כלעך — יוגנט־בלוט —
אין טיפן חלל שמידן איין
דעם זין פון תורה, סוד פון זיין.

XXXVIII

ווי אָפּט אין עזראַ'ן האָט דערוואַכט
אַ לוסט זיך שפּילן אויף דער פרײַ.
ניט איינמאָל זיצט ער שווער פאַרטראַכט
ביי דער גמרא. קאָפּ איז בליי.
דער דרויסן !... דאָרט די גאַנצע וועלט.
דאָרט שטראָמט די זון, דאָרט קוועלט די לופט.
ס'האָט גאָט אַליין דאָרט זיין געצעלט,
אַיעדער שפּראָץ זיין נאָמען רופט.
פון הימל טראָגט זיך אַ געזאַנג,
מלאכים זינגען דיר אַ שיר...
און עזרא הערט אין זיך אַ קלאַנג,
וואָס פירט און טראָגט אים דורך דער טיר...
„דער בעל חלומות"! רופט ווער נאָך.
און חלום קריגט דעם ערשטן שטאָך.

XXXIX

אַ מויער צוימט נאַרישקינס הויף,
דעם גלח'ס סאָד האָט זיך צעבליט.
און עזראַ'ן גלוסט אַ שפּרונג, אַ לויף...
פון אייגן הויז איז בלויז אַ שריט.
פון פּעטערבורג איינמאָל אין יאָר
קומט בייזער פּריץ דאָ אַהער.
די אידן פּיינט האָט ער ביז גאָר,
די רשעות ווערט אַלץ שווער און שווער.
ער איז ביים קיסר אַדיוטאַנט,
פאַרמאָגט אויך הויפן ניינציק ניין,
(דער צאַר האָט הונדערט, ווי באַקאַנט,)
און לאָזט קיין אידן ניט אַריין.
יאָ, יעדעס מאָל ווען פּריץ קומט,
דאָס שטעטל פילט דעם בייזן הונט.

## XL

דער מאַמעס גאָרטן לויפט פאַרביי
אַ קליינער פּרוד אין הויף אַריין.
צעבליט זיך נאָר דער בלויער מאַי
און פרילינג-זון גיט העל אַ שיין,
צעשפּילט ביי יונגוואַרג זיך דאָס בלוט:
מען לעכצט נאָך טאַט. אַ שפּיצל עכט
דעם פריץ אָפּטאָן גאָר אויף גוט,
און זאָל ער ווייסן וואָס מיינט שלעכט!
נאָר מויער-שפּיץ באַדעקט מיט גלאָז,
דורך גראַטעס פליסט דאָס וואַסער דורך,
און ווער עס שטעקט אַריין די נאָז,
פון פּחד לויפט אים דורך אַ סקרוך.
מען זאָגט, אַז היטער מיט פיל הינט
דאָרט שטייען וואַך, געלאָדן פלינט.

## XLI

נאַרישקינס הויף מיט הויכן מויער
האָט עזראַ'ן נאָכדענקען געמאַכט.
ביי אָט דער גרענעץ יערט אַ טרויער,
פּראָטעסט אין אים האָט מיטגעוואַכט.
עס איז דער טרויער פון אַ לעבן,
וואו מאַכט געמויערט פעסט אין שטיין,
וואו טויזנט ווייסן נאָר צו געבן,
צו נעמען ווייס איין האַנט אַליין;
וואו הינטער מויער וואוינען האַרן,
דאָס עלנט קלאָגט אויף דער זייט וואַנט,
דער פויער שקלאַפן מוז און דאַרן,
און פריץ האָט דאָס גאַנצע לאַנד.
ווער האָט געטיילט אַזוי די וועלט,
אַז וואו אַ בליק דיר עפּעס פעלט?

## XLII

גערטראַכט מיין העלד נאָך ניט „סאָציאַל“,
נאָר זיין נאַטור האָט רעבעלירט.
געזען האָט ער אַן אידעאַל
ווי אָרדנונג דאָ קאָן זיין געפירט:
דער מויער זאָל דאָ מער ניט שטיין,
נאַרישקייטן האָט קיין דעה מער.
אין גאָרטן־הויף שפּאַצירן גיין
מעג יעדער איינער לויט באַגער.
אַזוי פיל שיינקייט, בלומענפּראַכט,
און אָפּגעצאַמט!... ס׳איז ניט געהערט.
אויב יריחו׳ס מויער האָט געקראַכט,
פאַרוואָס זאָל דער ניט זיין צעשטערט?!...
פון ברייטן קאַמף נאָך ניט געוואוסט
האָט אונזער העלד, רעוואָלט אין ברוסט.

## XLIII

אין שכנות שטייט דער מאַמעס הויז
מיט אָט דעם מויער, וועמעס ווירט
ביים צאַר אין הויף איז יחסן גרויס.
מיין עזרא זעט זיך ווי באַרירט
מיט פּעטערבורג דאָרט ערגעץ ווייט,
וואָס שיקט מחיצה דאָ אַהער
און גזירות פיל אין אָפּטער צייט
צו מאַכן ס׳לעבן אונז דאָ שווער.
אַזוי דורך טעג ביי מויער־וואַנט
האָט אונזער העלד געטרוימט, געגאַרט
צו זען אַ וועלט אָן צוים, אָן שאַנד,
וואו אַלץ איז פריי, קיינזאַך פאַרשפּאַרט.
געקומען איז די וועלט דערנאָך —
דער פריץ האָט געהאַט זיין בראָך.

XLIV

ס׳איז ליטע ניט קיין חלום־לאַנד,
יאָ, אָן פאַנטאַזיע די נאַטור.
נאָר דאָך איר גרענעץ ליגט ביים ראַנד
פון שילער־געטע־קאַנט קולטור.
ס׳האָט מענדעלסזאָנס טיפער ביאור
געטייטשט דעם זין פון תורה, גאָט ;
און לעסינגס נאַטאַן איז דאָך שיר
געווען ראש ישיבה אין אונזער שטאָט.
תלמידים פון דעם דעסויער
השכלה טיף ביי אונז פאַרזייט ;
אַ פרומע פרוי געוואוסט קיין שטער
אין שילערס דיכטונג זוכן פרייד.
אין חכמה האָט די שטאָט געבליט
און גוטע מידות אָפּגעהיט.

XLV

יאָ, חכמי־זאַגערס שם איז ווייט,
די קינדער אין אַ שטרעבן הויך.
אַזוי אין אַלט און נייער צייט
באַרימט געווען אַ גרויסער מוח,
פון איר ישיבה אַ פּראָדוקט,
צי אָפּט פון חדר נאָר אַרויס,
האָט קונסט און וויסן טיף פאַרצוקט
און בייגעטראָגן חידושים גרויס.
דער העלד, וואָס איך האָב דאָ פאַר אייך,
קיין גרויסער מתמיד ניט געווען ;
דורך ישיבה־פענצטער נאָנט ביים טייך
האָט אים געטראָגן הייס אַ ברען.
דער ים התלמוד געווען אים טרוקן,
און שווער די געטאָ אויף זיין רוקן.

## XLVI

פון דער ישיבה׳ס האַרטער באַנק
האָט אים אַ שטרעבן שנעל פאַרטריבן.
ער האָט געהערט אַ צויבערקלאַנג
אין אותיות, וואָס פון לינקס געשריבן.
עס שפּרינגט אַן אות. און אָט אַ צווייט.
און נייער זין דורך לופט זיך טראָגט.
יאָ, בוך נאָך בוך אָן אונטערשייד
האָט ער פאַרצערט ביז ס׳האָט געטאָגט.
ער האָט די דיכטער הייס שטודירט,
דאָס ברייטע וויסן אים געפּאַקט,
אין חשבון הויך פאַראינט׳רעסירט,
ספּעקולאַטיוו און אויך עקזאַקט.
ער האָט געוואוסט: „איך מוז וואָס זיין
אין אָט דער וועלט פון חלום מיין״.

## XLVII

ניין, קיין אָניעגין איז מיין העלד,
פּן טשאַילד האַראָלד געוויס אויך ווייט.
און וואָס צו דאָן זשואַן אים פעלט
נעם איך שוין ניט אין איבערבייט.
פון געטאָ־פאָלק אַ טרייער זון,
איז פּעטערבורג געווען אים טרוים,
און האָט געשמייכלט אים נעפּטון,
די אָקעאַנען — ווייטער שוים.
אויך פון העלענאַס צויבערלאַנד
האָט קוים געטרוימט דאָס ליטע־קינד,
וואָלט בייראָנס שווערד געדריקט זיין האַנט,
אין טיפן גראָז אַ שניט געשווינט!
אַזוי אין בענקען טיף פאַרצערט
האָט אונזער העלד אָן קאַמף, אָן שווערד.

## XLVIII

אָן ציל גייט אום דאָס אידיש קינד
אין ליטע־גאַס, אין ליטע־שטום.
עס שפּרייזט דורך וועלטן דרייסט און בלינד,
און יעדער וועג איז גלייך און קרום.
פון ישיבה־באַנק אַ טריט אַראָפּ,
פּעלט שוין דעם מדריך׳ס פעסטע האַנט.
פאַנטאַזיע פליט. עס שפּאַלט דער קאָפּ.
און טונקל שימערט ס׳ווייטע לאַנד.
מיט יעדן מאָרגן רופט דאָס ליכט,
מיט יעדן אָוונט לאָקט די נאַכט.
דו פילסט דו האָסט צו וועלט אַ פליכט,
נאָר זי פון דיר האָט ניט געטראַכט.
פאַרטרויסטו זיך דעם זונפאַרגאַנג —
יאָ, ליטע האָט נאָך איר געזאַנג.

## XLIX

עס ליבט מיין העלד דאָס וויסן שטאַרק,
דאָך די נאַטור האָט איר מאַגנעט;
געוועזן איז גאָט מיט האַנט צו קאַרג
און ליטע קוים פון זיך אַ גלעט.
איז פלאַך געבליבן זשמודנלאַנד,
אַ בערגל קליין איז אַלפּנגרויס.
נאָר ס׳פילט דער פויער ניט קיין שאַנד
ווען ס׳קאַרגט נאָר ערד ניט שפּייז פאַר הויז.
דאָ הענגט דער הימל ניט צו הויך,
ער טוליעט זיך צום וואַלד מיט זוים,
ווי זוכן וואָלט ער אָנשפּאַר אויך
אין זיין געפאַלנקייט און רוים.
חיונה־קאַמף האָט יעדער שווער,
ניט איד, ניט פויער האָט דאָ מער.

L

דעם בחור ציט צו פעלדער גרין.
נאָר קליין דער ספּאָרט, ניט רייך דאָס שפּיל.
דו שמעקסט אַ בלום, און בייז איז בין,
דו קוויקסט זיך מיט קאָנצערט פון גריל.
עס וואַרט אַ פריינט אויף דיר אין וואַלד,
אַ וועווערקעס פאַרטרויטער בליק.
און ערגעץ־וואו אַן עכאָ שאַלט,
ווערסט אָנגעפּילט מיט קלאַנג, מיט גליק.
אַ פויגל אויף אַ בוים פאַרשטעקט
טראָגט טרויער אויף זיין שנאָבל לאַנג,
זיין צער האָט קיינער ניט געפרעגט,
איז איינזאַם ער ?... פעלט אים געזאַנג ?...
דו ביסט אין וואַלד קיינמאָל אַליין,
דו קאָנסט מיט פויגל זיך פאַרשטיין.

LI

ניט איינמאָל גייסטו אויף שפּאַציר
אַרויס אַליין, מיט אייגן ווערט.
דו קומסט מיט בראשית אין באַריר,
דיין וועלט פון קיינעם ניט געשטערט.
עס לויפט אויף וועג דיר שנעל פאַרביי
רעפּטיל אין שרעק פאַר דיינע טריט.
דורך נאַכט דאָס פעלד געוואָרן ניי,
אַ בלום גאָר פריש האָט אויפגעבליט.
די זון צו מערב נויגט אַראָפּ,
מיט ריחות אָנגעפּילט די לופט,
און גאַנצע וועלטן דורך דיין קאָפּ,
אַ ווייטער קול צו טאַטן רופט.
דו קענסט דעם קול, פאַרנעמסט דעם רוף —
און לייכט דיין אָטעם. גרינג דיין גוף.

## LII

מיט זיך אַליין איז יעדער רייך
ווען סודות פלעכט אים די נאַטור,
ווען ס׳טראָגט צום ים אַ גרוס דער טייך,
און גאָט אין סטעזשקע צייגט זיין שפור.
דו זעסט די וועלט. זי איז אַ נס.
נאָר מענטשן האָבן זי פאַרפלאַכט.
געוויס, דער סוף איז ניט מיט מת,
אויך פּתרון ניט אין לאַנגער נאַכט.
ניט פּיראַמיד, ניט מאָנומענט
איז צייכן פון דעם סודות־קוואַל.
דורך פעלד און וואַלד האָט מענטש דערקענט,
אַז גאָט איז דאָ, דאָרט, איבעראַל.
דרום ציט דיך אָפט אַרויס פון שטאָט:
אַ טוליע זיך אין שויס פון גאָט!

## LIII

געהאַט מיין העלד פון יונגסטער פרי
פאַר פילאָזאָפיע טיפן זין:
אין שניידן היי, אין מעלקן קי,
אין שפּראָץ פון גראָז, אין זשום פון בין,
האָט ער באַדייטונג פיל געזען,
געגלויבט דעם פּתרון צו פאַרשטיין.
און אַלץ געפּאַקט האָט אים מיט ברען,
אין אַלץ געזוכט האָט ער אַ מיין.
זאָל איך דאָ כאַפּן פיש פאַר נעץ,
אַנטפּלעקן אייך וואָס מיר באַקאַנט?
יאָ, היינט נאָך זוכט ער אום דעם קץ,
כאָטש אויסגעמאָסטן לאַנד נאָך לאַנד.
און וואָס געפונען ער אין גאַנג —
אין ליד פאַר אייך וועבט זיך דער קלאַנג.

## LIV

אויב, פריינט, מיין ליד איז דיר באַקאַנט,
צוויי זעלן שיקט דער הימל ניי.
און בלייבט אין וואַקל איינעמס האַנט,
אין שמערץ אַ טאָג איז שוין פאַרביי.
ניט צייל די טעג. זיי זיינען פיל.
ניט מעסט דעם צער. די מאָס ניטאָ.
עס איז דיין גאַנג אַ כוואַליע־שפּיל,
און פּיין האָט גרייט דיר יעדע שעה.
דאַרום איז זעל גאָר אָפּט באַטריבט
און ווערטערמאַנגלדיק די שפּראַך:
צוויי הערצער האָבן זיך געליבט...
און ווייטער וואָס? — געוויין און לאַך.
איך האָב דאָס ווינען גוט געקענט,
דאָס לאַכן האָט אויך טיף געברענט.

## LV

און וואָס אַוועק איז הינטער דיר,
חרטה, פּיין אין אויסטויש קומט.
עס ליגט די שולד שוין ביי דיין טיר,
ווען ברויז אָן טאַט האָט איינגעשטומט.
עס ווײנט אַ ווילן ניט דערפילט,
עס קלאָגט אַ זעל אין זיך פאַרשעמט,
עס וואָלקנט הימל אָפּגעקילט
ווען ס׳בלייבט אַ האַרץ פאַרלאָזט, פאַרקלעמט.
ניין, ס׳וועט אַ מלאך קיין געבעט
ניט זינגען דיר אין הימלכאָר
ווען פּרוכטלאָז בלייבט אַ מיידל־בעט
און אָן אַ חלום קאַלטע וואָר.
געזען דעם חלום האָט ווער שפּעט —
און דאָ טרעט איין מיין קליין סאָנעט.

## LVI

יאָ, ווי דאָס לעבן פאַנגט דאָס ליד אָן:
מיט ליבע. גלוטיק. און אין לייד.
און האָט מיין העלד וואָס מער געטאָן,
פאַר מיידל דאָס געווען קיין פרייד.
עס שטייט אַ הויז אָן פּוץ ביים טייך,
אַ צווייטע אין אַ געסל קרום,
דער יחוסביידנס ניט גאָר גלייך:
אַ צווייגל דאָרט. און דאָ אַ בלום.
געווען דער צווייג פון הויכן שטאַם,
געבליט די בלום אויף מאָגער בייט.
נאָר מילד און שעמעוודיק — אַ לאַם —
געווען איז ער אין איינזאַמקייט.
דאָס בלוט פון דורשט גערעדט אין איר...
אַזוי פאַנגט אָן זיך דאָ מיין שיר.

## LVII

די ישיבה־פענצטער זומער אָפן,
דער גמרא־ניגון ווייט זיך טראָגט;
און מער ווי איינמאָל האָט געטראָפן
אַ האַרץ אין קלאַנג האָט טיף גענאָגט.
אַ ניי־מאַשין רוישט דרייסט אַנטקעגן,
דאָס רעדל דרייט אַ מיידלס פוס,
און וואָס אַ האַרץ האָט אין פאַרמעגן
טראָגט זיך מיט ליד אין איבערגוס.
צוויי בלאָנדע קעפּ. פיר בלויע אויגן.
פאַרפיומען שיקן זיי אַ טוש.
און יעדער איינער וואָלט געפלויגן
צום צווייטן מיט אַ פייערקוש.
און לאַנג נאָך, ווען די נאַכט איז שטום,
געזיכטער גליען — בלום צו בלום.

LVIII

חרוזים האָט מיין העלד געשריבן
ביי דער גמרא. אידיש קלאַנג.
ער האָט די גראַמען שטיל געקליבן
ווען טיף אין אים האָט אַ געזאַנג
זיך צו די הימלען הויך געריסן.
ער האָט צו בורא אַ געבעט:
ער וויל דאָס לעבן העל געניסן...
יאָ, פון דער פרי ביז אָוונט שפעט
מיט אָט דער מיידל זיצן, טראַכטן,
אַ חלום וועבן — שיר נאָך שיר.
אַזוי ביז טונקעלע פאַרנאַכטן
האָט ער געקלאַפּט אין מיידלס טיר
מיט זיינע פערזן... אַ מוסטער קליין
פאַרבליבן איז נאָר מיר אַליין.

## לידער צו שולמית

א

ווי אַ רויז צווישן דערנער
בליסטו דאָרט ביי דער מאַשין.
אין דיין גאָרטן וויל איך קערנער
זייען, בלומען פון דעם שענסטן מין.

ב

וועלן זיי דיר ריחות שיקן,
אויך אַהער צו מיר.
וועל איך דיינע בלומען פליקן,
שפּרייטן ביי דיין טיר.

ג

ווער פאַרשלאָסן האָט דײַן גאָרטן,
לאָזט מיך ניט אַרײַן ?
דיך באַזינגען פעלן װאָרטן,
גרױס דאַרום מײַן פּײַן.

ד

זאָג, שולמית, ווער פאַרבאָרגן
האָט פאַר אונז די פרייד ?
קומט נאָר אָן דער העלער מאָרגן,
גרעסער ווערט מײַן לײד.

ה

פינקלען אויף די זילבערשטערן,
וועקן זײ נאָר פּײַן.
ווער צום היכל טוט פאַרווערן —
רויבט פון מיר די שײַן ?

ו

יאָ, דײַן קוואַל איז מיר פאַרשלאָסן —
ווער קאָן מיך פאַרשטײן ? !
פון דײַן צויבער העל באַגאָסן
הימל ווערט אַלײן.

ז

זוך דיך אום אויף מײַן געלעגער
נאַכט נאָך נאַכט אין טרוים.
שטײ איך אויף און ווער אַ יעגער,
שאָטנס-העלדן בײ מײַן צוים.

ח

בלאָנדזשע איך אַרום אין גאַסן,
רוף שולמית מײַן.
ליבן וויל איך, קײנעם האַסן —
שומר, שלאָף ניט אײַן !

ט

זאָג מיר, וואו איז מיין געליבטע?
כ'בענק נאָך איר אַ שרעק.
גייט זי אום אויף אַ באַטריבטע,
זוכט צו מיר דעם וועג?

י

כ'גורט אַ שווערד אָן מיינע לענדן,
שאָטנס אין באַגלייט.
וועט די נאַכט אַזוי זיך ענדן?...
מאָרגן וואָס האָט גרייט?...

יא

פאַנצערס זיינען מיינע לידער,
כ'גיי מיט זיי אין פעלד.
זיי, געליבטע, ניט דערווידער,
ס'טרוימט נאָך דיר דיין העלד.

יב

דיין געשטאַלט לבנון־צעדער,
פעלזן דיינע בריסט.
שטראַלן נעמסטו זיך פאַר בעדער,
האָניק — דיינע פיס.

יג

דיינע ליפּן טריפן טויען,
דיינע אויגן — זון.
און אַזוי ביז טאָג נעמט גרויען
זוך איך דיך אַרום.

יד

הער איך גאָרטן שוין אויפשליסן?...
דיינע טריט איך שפּיר?...
יאָ, די זון וועט נעמען גיסן
שטראַלנפרייד צו מיר.

## LIX

אין יענע טעג ווען אונזער העלד
פון ווייטע וועלטן זיך פאַרטראַכט,
ווען ער די „באַנק” אויף וואַלד און פעלד
פאַרביטן אָפט אין אַ פאַרנאַכט ;
ווען אים געשושקעט האָט נאַטור
די סודות פון יצירה, גאָט ;
ווען ער געגלויבט ער זעט די שפּור
פון אייגן וועג — זיין לעבנסוד, —
איז אויפגעגאַנגען אַ געפיל
אין אים צו זיין אַ העלד מיט מוט.
ניט מער פאַרשעמט. דירעקט צום ציל.
ער טרעפט דאָס מיידל, ציט דעם הוט...
ער שטרעקט איר אויס זיין פעסטע האַנט...
שפּאַצירן גייען זיי באַנאַנד...

## LX

געוויס, אַמאָר האָט וועגן פיל.
ער צייגט זיי אָפן, אויך פאַרשטעלט.
אַוואו אַ האַרץ, ניט בלייבן קיל,
איז זיין געזעץ אין אונזער וועלט.
דער קוואַל פון ליבע שלאָגט פּרעציז,
געבראָכן אָפט האָט ער אַ שטיין,
נאָר די נאַטור האָט איר קאַפּריז,
וואָס יונג אַמאָר קאָן ניט פאַרשטיין.
ער האָט געצייגט מיין העלד דעם וועג,
מיט זיין „שולמית” אים באַקענט.
ווי דאָס פּאַסירט, מיין פריינט, ניט פרעג.
בייטאָג. די זון האָט מילד געברענט.
שפּאַצירן גייט ס׳פאַרליבטע פּאָר —
איז דאָס אַ חלום ? איז דאָס וואָר ?

## LXI

אויף שפּיץ פון באַרג, ביים ראַנד פון שטאָט,
האָט רו געפונען אַ באַגער.
זי ליגט אויף גראָז מיט ברוסט צו גאָט,
ער זיצט דערביי. זיין אָטעם שווער.
און הויך געקלאַפּט האָט מיידלס ברוסט.
אים דאַכט, זי רופט: „נו קום, באַריר ...״
און לאַנג געקווועלט האָט ער די לוסט,
אַז ניט געוואוסט דאָס שיר ניט שיר
האָט זי אַ כאַפּ געטאָן זיין האַנט
און פיבערדיק אַ דריק צו זיך ...
ער פילט אַ פּיין, ער פילט אַ שאַנד.
דאָס מיידל ציט אַרויף די שיך,
רייסט אָפּ אַ בלעטל פון אַ בלום
און פּרעסט עס צו זיין ליפּ: „ווי דום...״

## LXII

נו יאָ, געווען איז ער נאָך יונג,
דער סוד פון לעבן ווייט און נאָנט.
ער זוכט אַ וואָרט, נאָר שטום איז צונג,
און שאַרף אין אים האָט וואָס געמאָנט.
זי גייט פאָראויס. און ער נאָך איר.
און יעדע רגע איז אַ שווערד.
יאָ, יעדער שריט — כאָטש נעם קראַפּיר...
די זון אין שטראַלן וויגט די ערד.
ווי רייך איז זי אין איר פאַרגאַנג!
ער וואָלט דעם וועג צוריק געקערט —
נאָר ווייס דען מיידל זיין פאַרלאַנג?
איז דאָס וואָס גאָט האָט אים באַשערט?...
ער וואָלט געקושט איצט אירע טריט...
איר שווייגן האָט אים קאָלט געבריט.

LXIII

אין פּיין און שווייגן ליגט אויך טרייסט.
אָן דעם געווען וואָלט לעבן שווער.
צוויי זעלן קראַנק. און ווער ניט ווייסט,
אַז היילונג קומט אויך מיט אַ טרער.
צוויי זעלן נאָנט. און זע, ווי ווייט!
עס ציט, עס טרייבט זיי צו באַריר.
אין שרעק דאָךביידע. איבערבייט
מיינט טויטן לעבן אין יציר.
דער סוד פון לעבן האָט זיין וויי.
ליגט פּתרון דען אין דעם גענוס?
ס׳גייט אויף אַ ליכט אין דעם געשריי
פון זיווג. פּיין אין איבערפלוס.
אַזוי איז לעבן שוין באַשערט:
דאָס שאַפן מיינט אויך וואָס צעשטערט.

LXIV

עס האָט מיין העלד געטרוימט, געבענקט
צו זען „שולמית" ביי זיין זייט.
און דאָ אַ וואָלקן אַלץ פאַרשווענקט,
אַלץ אויסער רוים, אַלץ אויסער צייט.
עס פאַלט זיין בליק אַזוי פאַרשעמט:
זע, פייער צינדט איר טריט, די ערד...
איז אויך איר האַרץ ווי זיינס פאַרקלעמט?...
און וואו זיין מוט? פון ליד דאָס שווערד?...
ווי העלדיש האָט ער זי געזוכט,
מיט „פאַנצערס" זיך געלאָזט אין יאַגד.
און איצט?... פאַרלאָרן. יאָ, פאַרפלוכט
איז ער אָט דאָ. און באַלד די נאַכט.
אַ שפּרונג צו איר, דעם קאָפּ אַ קער:
און זע... איר אויג אין פונקנטרער.

## LXV

ווי ווייט דער גאַנג ? פאַרליבט אַ פּאָר
קאָן שטום אין שטאָט אויך ניט אַריין.
משדך זיין זיי פעלט קיין האָר
פאַר ווייבער־צינגער. וואַרט. בלייב שטיין.
געוויס, פון מיידל אָפּט ער טראַכט.
איר אָטעם־דופט... די אויגן הייס...
נאָר שידוך איצט ? !... אים אויסגעלאַכט
וואָלט יעדער. ניין, ער מיינט קיין בייז.
צו בילדונג קוים די ערשטע טריט,
אין ווייטער וועלט מוז ער אַרויס,
מיט זיך מוז זיין ער אָפּגעהיט.
זי דאַרף פאַרשטיין... אַ קרבן גרויס...
„אַדיע !" ... איר קול איז פעסט און פראָסט.
ביים ראַנד פון שטאָט שטייט ער פאַרלאָזט.

## LXVI

פאַרשעמט מיין העלד געבליבן שטיין,
געוויס, נו יאָ, אויך טיף באַטריבט.
אָט נאָענט דאָס גליק. און אָט אַליין —
איז ער אין מיידל שטאַרק פאַרליבט ?...
איר רונדער קערפּער קוים פאַרשווינדט,
און וואַקלדיק אַזוי די טריט.
געקאָנט וואָלט ער איר נאָכגיין בלינד,
נאָר קול אין אים האָט וואָס געהיט.
עס איז געוועזן דער רוף צו פליכט,
צו זיך אַליין, צום אייגן פּלאַן,
וואָס מוז אויסשטראָמען אין אַ ליכט
צום וועג אַרויס אין לעבנס־ים.
אַוועק „שולמית". אַ פאַרדרוס.
ער שיקט איר נאָך זיין ווייטיק־גרוס.

LXVII

„די ערשטע ליבע אָפט איז בלינד",
אַזוי דאָס ווערטל גייט אַרום;
און אויב דערפילונג איז אַ זינד,
קאָן אויך די צווייטע זיין גאָר דום.
עס האָט נאָך קיינער ניט באַשטימט
ווען קלוג אַמאָר איז מיט זיין פייל;
אין זיווג ווערט מען אָפט געריטט,
כאָטש הערצער ווייט גאָר טויזנט מייל.
און גליקלעך דער ווער ס'האָט דערפילט
די ווייטקייט ווען נאָך ניט צו שפּעט,
ווען בלינדער פלאַם האָט זיך געקילט
ביים דרויסנטיר, פון ווינט געגלעט.
עס איז דער ווינט דיר אָפט אַ פריינט:
ער טראָגט דעם מאָרגן אין דיין היינט.

LVIII

ניין, ניט געשריבן ליבעבריוו
האָט עזרא נאָך צו יענער צייט;
ער האָט געזוכט אין הימל־זיו
אַ פּתרון פאַר זיין חלום ווייט.
אָט יענער חלום, וואָס באַשערט
איז מענטשן אויף דעם לעבנסוועג,
אָן וואָס דער קאַמף האָט גאָר קיין ווערט,
אין וועמעס זון לויפט ציל און ברעג.
האָט ער געקאָנט זיין טיף געקרענקט
וואָס זיין „שולמית" ווערט ניט זיין?
ער האָט חרוזים איר געשענקט,
יאָ, אָפט געפילט אויך לייד און פּיין.
ראָמאַנטיש שיין. אויך ריטערליך.
„ניט אמת?..." שיר מיין העלד פרעגט זיך.

## LXIX

און וואָס „שולמית" האָט געטראַכט
מיין העלד געבליבן ניט באַוואוסט.
האָט זי געפילט זיך אויסגעלאַכט ?
געטראָפן אין איר מיידלברוסט ?
ווער ווייס ? ער האָט זי אָפט געזען
פון ווייט מיט שוועסטער אויף שפּאַציר ;
ער האָט געפילט אין האַרץ אַ ברען.
אַ שווינדלשפּרונג וועט ער צו איר :
אַ קוש אין באַק. אַ גלעט די האָר.
און שטום, אָן רייד, צו זיך אַ דריק !
נאָר הייסער חלום — קאַלטע וואָר,
זי האָט פאַר אים געהאַט קיין בליק.
און דאָך — ער שווערט — אַ מעסער שניידט
איר קערפּער פון זיין נאָנטער ווייט.

## LXX

וואָס נאָך דערציילן פון ראָמאַן,
וואָס יוגנטבלוט האָט אָפּגעשפּילט,
ווען בליץ געלאָפן איז די באַן
פון ערשטן שטורם ?... געוויס, געהילט
אין שמערץ און טרוים פאַרבליבן ווער.
איז דאָס מיין העלד ?... נו זיכער יאָ.
פאַר מיידל קענטיק אויך צו שווער
איז די דערמאָנונג פון דער שעה,
ווען איר געטרוימטער אַזוי נאָנט
געזעסן מיט פאַרליבטן בליק,
איר ווען רופט און מאָנט און מאָנט,
און קיין באַריר — כאָטש אים צעפליק !
אַוועק דאָס מיידל איז פון שטאָט,
אין ריגע זוכן גליק ביי גאָט.

## LXXI

מײַן העלד איז לאַנג אַראָפּ פון באַנק:
מאַדאַם השכלה האָט געוואַרט.
ער האָט געטרונקען איר געטראַנק
און ניט געאַנט אַז אויך גענאַרט
קאָן אײנער װערן פון איר פּראַכט.
דו טרינקסט גאָר רײך פון גרויסן קוואַל,
דו ברענסט די אויגן נאַכט נאָך נאַכט.
עס רוישט צו דיר אַ וואַסערפאַל
פון גרויסן װיסן. טרוימסט גאָר הויך.
אין װײטע ספערן. אָטעם. לופט.
דו שפּאַלסט די װאָלקן. טרײבסט דעם רויך.
פון נײע װעלטן קול דיך רופט.
און װען דערגרײכט האָסטו דעם שפּיץ,
אַנטוישונג שלאָגט דיך מיט אַ בליץ.

## LXXII

עס איז געװען די שײנע צײַט
װען אַ יאָרהונדערט האָט זײַן גאַנג
פאַרענדיקט מיט אַ נויג. ס׳פאַרבײַט
אים נײַער. װעלכער צוױבערקלאַנג
אין ציפער 20! יאָ, פּראָגרעס
מאַרשירט שוין מיט גאָר ריזנשריט.
אַװעק דער אַלטער. שײנער מת.
קולטור און װיסן זיך צעבליט.
און רעװאָלוציעס דאָ און דאָרט,
כאָטש די רעאַקציע אויך נאָך פעסט.
עס ברעכט די טיר דאָס פרײַע װאָרט,
עס קאָרטשעט צאַר זיך אין זײַן נעסט.
פאַר עם ישראל אויך אַ שטראַל:
עס קלינגט „התקוה״ איבעראַל.

LXXIII

געקומען זיינען שטראַלן צוויי
צו גלייכער צייט אין אונזער שטאָט.
ס׳רופט מוטער ציון: — שטיי אויף און גיי,
מיין קינד ישראל, אין געבאָט
פון תורה צו מיין שויס צוריק.
דו ווערסט אַ פאָלק מיט אַלעם גלייך,
יאָ, הויך און שטאָלץ פלאַמט אויף דיין בליק,
אַ פאָלק אויף לאַנד איז הימל־רייך.
עס קלאַמערט יעדער אָן זיין ערד,
פאַר מוטער־היים זיין בלוט פאַרגיסט.
דו האָסט קיין אַקער, האָסט קיין שווערד,
דיין בלוט אָן אויפהער טייכן פליסט.
דו נעם דעם אַקער קריק אין האַנט
און זיי ניט מער צו שפּאָט און שאַנד.

LXXIV

אַ שטראַל זיך שניידט פון נאָענטער ווייט,
אַ פרייהייט־רוף: — אַראָפּ מיט צאַר!
ס׳איז דאָס געבאָט פון נייער צייט:
דאָס פאָלק אַליין איז אייגן האַר.
ניט מער קיין שקלאַף ס׳פּראָלעטאַריאַט
ביי דעם בורזשוי, קאַפּיטאַליסט!
עס לעבע דער סאָציאַלער שטאַט!
דעם אונטערדריקער מוז זיין וויסט!
אַרויס צום קאַמף אין ענגן בונד,
געשלאָסן רייען, ברידערליך.
און ניקאָלאַי, דער בייזער הונט,
מוז פּגר׳ן און טאַקע גיך! —
אויף סכאָדקעס אין דעם נאָענטן וואַלד
האָט פרייהייט־רוף גאָר הויך געשאַלט.

## LXXV

און עזרא הערט דעם רוף און רוף.
עס ציִעןביידע ווי מאַגנעט.
עס ברענט אין אים דער גאַנצער גוף :
די גאולה טאָר ניט זיין צו שפעט.
ס'איז שיבת־ציון טיפער מוז,
ווען ניט דער גלות האָט קיין זין.
נאָר ס'שמאַכטעט טיף אויך גרויסער רוס ;
און הערלעך איז פון זיינע זין
דער פרייהייט־קאַמף, מיט אָפּפער פיל.
עס רופט צום זיג מאַרטירער־בלוט,
און יעדע האַנט צום גרויסן ציל
מוז האַלטן הויך זיין פייער־רוט :
„פאַרברען די הערשאַפט פון דעם צאַר !
דאָס פאָלק אין פרייהייט קריגט זיין שכר."

## LXXVI

דער רוף צו ציון האָט אין שטאָט
די הערצער שטאַרקער אויפגעפלאַמט.
דער באָדן רייף געווען מיט זאָט —
די גאולה האָט צו לאַנג געזאַמט.
אַ שטאָט פון תורה. האַנדל קליין.
אַ בעל מלאכה דאָ און דאָרט.
דאָס לעבן שטיל, דער אומעט שיין,
האָט יחוס נאָך געהאַט דאָס וואָרט.
אַ בור איז גראָד דער גרעסטער גביר,
האָט ער קיין ווערדע ניט געהאַט.
און יעדן טאָג ביים גרויסן שיעור
אַן אַנדער מוסמך זאָגט דעם בלאַט.
געגאָלטן דאָ האָט ניט ווער רייך
ווען תורה ניט באַגלייט צוגלייך.

LXXVII

געיערט גאָר שטאַרק סאָציאַל פּראָבלעם:
פּרנסה. יאָ, עס האָט געפעלט.
דער סוחר, יחסן, איז אין קלעם
געווען גאָר אָפט. געיאָגט נאָך געלט
האָט, דאַכט זיך, קיינער. פירן שטאַט
מוז יעדעס הויז פון יחוס, פּני,
און ברויט אָפּטמאָל ניטאָ צו זאַט.
דער דלות טראָגט זיך אָן געשריי
אַדורך די לאָדן פון אַ הויז,
פון אָפּגעניצטן שוך און קלייד,
צו גאָר פון פּוסטער בוד אַרויס.
פאַר דעם געווען נאָר איין באַשייד:
מען פאָרט אַוועק אין ווייטן לאַנד,
וואו שוואַרצע אַרבעט ווייס קיין שאַנד.

LXXVIII

ס'האָט בעל מלאכה אויך זיין נויט,
ווי קליינער הענדלער האָט זיין צער.
אַ לוקסוס פּוטער אויפן לויט,
און קינדערלעך גאָר בלייך און דאַר.
עס קומט דער פּויער אויפן מאַרק
צוויי מאָל אין וואָך. אויף לייזונג וואַרט
דער קרעמער. פּויער איז ניט קאַרג.
פאַרקויפט זיין סחורה, איינגעשאַרט
די גראָשנס פאַר, קויפט ער וואָס איין,
אַ טרונק אין קרעטשמע — און אהיים!
אַזוי טראָגט לעבן דאָך אַריין
דער מאַרק מיט לייזונג פון אַ פּיים.
ס'וואָלט שטעטל מער געווען אַ מת
ווען ניט פון ווייט דער גרויסער נס.

LXXIX

גייט יחסן שלעכט, פאָרט ער אַוועק,
זיד אַפריקע איז ס׳רוב זיין ציל.
דער קליינער מאַן טרעפט אויף דעם וועג
צום לאַנד קאָלומבוס, וואו גאָר פיל
דערגרייכט מיט צייט האָט לאַנדסמאַן זיין,
טרייבט גרויס געשעפט, באַלד מיליאָנער,
שיקט ווייב און קינד פיל געלט אַריין,
וואָס איז פון יעדן דאָ באַגער.
פון ווייטן לאַנד מיט גאָלד געשפּייזט,
לעבט שטעטל אויף. נאָר אָן געשריי.
און יעדע וואָך האָט ווער פאַררייזט,
ווי יעדן טאָג ברענגט פּאָסט וואָס ניי.
עס טרעפט : די פּאָסט גאָר ניט געבראַכט,
אַ האַרץ אין קומער שמערצט דורך נאַכט.

LXXX

„אַ קאָוונער אויעזד״ ווערט טראַנסוואַל.
אַזוי דאָס וואָרט פון שמריה שטאַמט.
יאָ, ליטעס קינדער איבעראַל
צו בויען קיום ניט פאַרזאַמט.
אַזוי ציט שטאָט איר עקזיסטענץ,
דער דלות זעט זיך מער ניט אָן.
קאַדריל, פראַנסעז נאָך אַלץ די טענץ,
און ריגע שטעלט נאָך צו פאַסאָן.
עס טרייבט נאָך אַלץ דעם דיליזשאַנס
ירוחם. „אַדלער״ דריי גאַלאָפּ.
און דאָקטאָר הערצבערג פּרעפּעראַנס
שפּילט נאָך מיט פערשטער און דעם פּאָפּ.
און ס׳בענקט די יוגנט, האָפט און שטרעבט,
פון שטראַלן צוויי גאָר ניי באַלעבט.

## LXXXI

מוז מודה זיין: אַן אינדוסטריִ
פון אַלטער צייט האָט שטאָט פאַרמאָגט.
ס׳האָט באָרשטענבינדעריי איר בלי
געזען אָט דאָ ווען ס׳האָט געטאָגט
ביז שפּעט ביינאַכט. אַ וואַרשטאַט צוויי,
מיט אַרבעטער — אַ טוצנד הענט.
אַ גערבעריי געווען גאָר ניי,
וואו אויפרור האָט שוין שטיל געברענט
דורך נייע מענטשן פון דער פרעמד.
געדראָט האָט סטאַטשקע דאָ און דאָרט.
און איינער, אין אַ שוואַרצן העמד,
געבראַכט אין שטאָט אַ נייעם וואָרט:
„דער בונד". וואָס דאָס באַטייט ערקלערט
האָט ער אין וואַלד נאָך אומגעשטערט.

## LXXXII

אין שטאָט געווען אַ יונגערמאַן,
דאָס בערדל שוואַרץ, די אויגן פלאַם.
פון דער השכלה׳ס הויכער באַן
איז ער געקומען קריק צום שטאַם.
לתרבות רעה געווען אַרויס,
די „וועדזיטעטן" דורכגעמאַכט,
בערלין, פּאַריז. טיטולן גרויס.
נאָר איינמאָל אין אַ שטילער נאַכט —
וואָס האָט פּאַסירט?... וואָס ער געפילט?... —
האָט ער פאַרלאָזן פרעמדע וועלט,
אין טלית-תפילין זיך פאַרהילט
און לערנען תורה זיך געשטעלט.
„עס האָט די תורה אַ מאַגנעט",
אַזוי פון „נס" האָט מען גערעדט.

## LXXXIII

ס'האָט עזרא אָפּט דעם „נס" באַטראַכט,
געזעצן אין ספרים אים פאַרטיפט.
ס'איז טאָג געווען אים גלייך מיט נאַכט.
דאָס לעצטע ליכט האָט ניט פאַרטריפט
אין טונקלען ווינקל פון דער שול,
וואו שטילער ניגון זיך געהערט,
וואו לופט געווען מיט קדושה פול,
פון תשובה שיר אַ האַרץ פאַרצערט.
און זעלטן, זעלטן האָט דער קאָפּ
זיך אויפגעהויבן — אויגן שטאַר.
זיי קוקן גלייך, אַרויף, אַראָפּ . . .
און ימ'ען ליכט, און תהומ'ען צער.
צומאָל אַ סוגיא אים וואו שווער ? . . .
און אָפּט, געדאַכט, שיינט אויף אַ טרער.

## LXXXIV

געווען באַקאַנט דער תשובה־איד
צו גרויס און קליין. געאַכט ביז גאָר.
פון חכמי־זאַגער אַ יליד.
אין ישיבה דאָ ביז אַכצען יאָר.
אין כבוד פאָטער לעבט נאָך איצט,
און תורה, מסחר, גיין באַנאַנד.
ס'האָט שלמה'ס קאָפּ גאָר טיף געבליצט,
זיין שם וועט קלינגען איבער לאַנד —
און פלוצים אַזאַ איבערקער !
אַוועק שטודירן ערגעץ ווייט,
גענומען פאָטער דאָס ניט שווער.
געווען אַליין אַ מענטש פון צייט.
און אָט אַזוי אַ יאָר שוין צען
גליט שלמה קריק אין תורה־ברען.

LXXXV

ווי דער משורר אויף דעם סף
שטייט עזרא. אים פאַרלאָזט ניט לאַנג.
האָט זיין אַוועקגיין אַ באַטראַף
ווען תורה דאָ הילכט ווייט אין קלאַנג ?
ניין, ניט פאַרלאָזן איז די שול,
עס פלאַמען אויגן נאָך אין גלות,
עס שטייט נאָך פעסט דעם בורא׳ס שטול,
און פנימ׳ער וואו שכינה רוט.
און יענער פרוש וואָס באַדייט ?...
איז ער דער נצח ?... דער דערמאָן,
אַז אַלעמאָל, צו יעדער צייט,
ישראל׳ס קיום שטייט אין קאָן,
ווען תורה ווערט פאַרלאָזט, פאַרשעמט,
אין פרעמדע גערטנער זיך פאַרקלעמט ?!...

LXXXVI

וואוהין דער ציל ? וואו גייט אַ קינד
ווען ער אמונה דאָ געלאָזט ?
און ווען עס אויגן זיינען בלינד ?...
ניין, סף האָט קיינמאָל ניט געראָסט
אין לאַנגן וועג פון אידנס טריט !
פאַרטריבן פון דעם אייגן לאַנד,
האָט תורה העכער זיך צעבליט.
ניט איינמאָל פאָלק איז אויף דעם ראַנד
פון תהום געשטאַנען. תמיד האָט
אמונה, תורה אים באַגלייט.
אַזוי מיט גלויבן און מיט גאָט
האָט איד געזען פאַר זיך באַשייד.
און ווען פון תורה אָפּגעקערט,
וואָס איז אין וועג אים דאַן באַשערט ?

## LXXXVII

האָט עזרא דען דעם וועג פאַרקערט ?
איז קיין אמונה אין זיין ברוסט ?...
פון ספקות יאָ ווערט ער פאַרצערט,
כאָטש טיף צו וויסן איז זיין לוסט.
ער האָט נאָר וואָס די ערשטע שריט
געשטעלט אַהין צו ברייטער וועלט —
און דאָ שטייט שלמה, טיף פאַרבריט,
אין תשובה קריק די טריט געשטעלט !
איז אמת וואָס משורר זאָגט,
אַז פיל מיט וואונדן בלאָנקען דאָרט,
פון בית המדרש ווייט פאַרטראָגט,
געפינען זיי קיין מנוחה־אָרט ?
וואַרט אויך אויף אים חרטה־שעה ?...
נאָר שווער אים דאָך די לופט אָט דאָ.

## LXXXVIII

ניין, עזרא מאַכט דעם וועג ניט קריק ;
ער פילט נאָך זיס השכלה׳ס טעם.
און ווען ער טראָגט זיין דורשטיק בליק
אַוועק אַהין, מוז דוקא סם
פאַר אידיש קינד דאָרט זיין פאַרזייט ?...
קאָן ער ניט בלייבן הייסער איד,
אין קאַמף פאַר ציון זיין באַרייט,
און זינגען פאָלק זיין גאולה־ליד ?!
בלייבט ער אמונה דען ניט טריי ?...
וואָס פאָלק איז אייגן — אים ניט פרעמד.
נאָר קיום־קאַמף מוז זיין גאָר ניי,
גענוג דער איד אויף וועלט פאַרשעמט.
עס איז די גאולה יעקב׳ס ציל —
אמונה האָט גאָר דרכים פיל.

## LXXXIX

און דאָ מיין העלד האָט זיך דערמאָנט
וואָס באָבע אים אַמאָל דערציילט
פון עלטערזיידן. אַך, ווי נאָנט
ער זעט אים איצט... ער פילט געהיילט
פון ספקות, צער. יאָ, העל דאָס ליכט
גייט אויף פאַר אים מיט נייעם זין.
עס מאָנט אין אים טראַדיציע־פליכט,
דער עלטערזיידע פון שנאַרגלין...
ער הערט דעם חלום, דאָס געזאַנג:
צו ערד און אַרבייט! ציון־לאַנד
איז תיקון צו דעם זיידנס דראַנג,
וואָס גאון געבענטשט מיט אייגן האַנט.
און ס׳שוועבט אַ חלום דורך שנאַרגלין
צום אידן פון דעם וויטן ווין.

## XC

יאָ, עזרא פילט דעם חלום טיף.
אַרום איז וואַך, אַרום איז שווער.
ער האָט געשוואָרן צו דער שיף,
וואָס טראָגט דאָס פאָלק צום ברעג־באַגער.
אָט יענער ברעג, וואו פאַקל גליט
פון קיום־חלום, זין פון זיין;
וואָס האָט באַלויכטן יעדן שריט
פון פאָלק ישראל אין זיין פיין;
באַזעלט אים אויף דעם לאַנגען וועג
דורך בבל, שפאַניע, צייטן ת״ח,
דערהאַלטן ביז די לעצטע טעג,
ווען איד נאָך הפקר, טיף אין שמאַך.
און איז דערפילונג נאָנט צי ווייט,
די טאַט אַליין האָט דיך באַנייט.

## XCI

און איינמאָל — יאָ, עס האָט פּאַסירט,
מיין העלד האָט דאָס געפּלעפּט גאָר שטאַרק:
דער פּרוש שלמה האָט פאַרפירט
מיט אים אַ שמועס וועגן מאַרק,
דעם האַנדל דאָרט. געוויס, ס׳איז שווער
דאָס לעבן דאָ. און וואָס דער שכר?
פאַרשוועכט די תורה ווערט וואָס מער,
די שכינה אַלץ אין טיפן צער.
זי קאָן ניט רוען. ניין, געוויס,
כל זמן אין גלות בלייבט דער איד.
ווי לאַנג דאָס בלאָנקען מיט די פיס,
אַ לעבן אייביק אויף יאַריד?!
„ברענג מיר אַ שקל, ניט פאַרגעס" —
און עזרא פלאַמט פון נייעם נס.

## XCII

עס לויפט אין לעבן אָפט אַ וועג
אַנטקעגן דיר גאָר אומדערוואַרט,
און זע, דו שטייסט אויף יענעם ברעג,
וואָס טעג האָסטו נאָך אים געגאַרט.
עס וויס דער גלויביקער באַשייד
פאַר דעם: „באַשערט", נו יאָ, אויך „גליק".
נאָר ווי דאָס קומט — עס האָט זיין פרייד
דער מענטש אין שפּאַנען חלום־בריק.
איז טיפער ווילן, וואָס דאָס ברענגט,
צי טראָגט דער שיקזאַל אויך וואָס ביי —
דו נעמסט מתנה, וואָס געשענקט
קומט דיר אין האַנט, מיט אָטעם פריי.
ניט אַלץ איז בלינד אין לעבנשפּיל,
ווען שטאַרק דיין ווילן איז צום ציל.

XCIII

עס איז געקומען יענער טרוים,
וואָס אונזער העלד האָט לאַנג באַגלייט :
פאַרלאָזן שטעטל, וואַלד און זוים,
וואו וועלט דערקענט האָט ער אין פרייד,
ווען אים דאָס ליכט האָט זיך אַנטפּלעקט
ביים ברעג פון וואַלד, אויף טאַטעס פור,
דער הימל שמייכלט אומבאַפלעקט,
און איין געזאַנג האָט די נאַטור.
ער האָט געשפּאַנט דאָ איבער ברוק
צום חדר, טייכל און צום קלויז,
וואו ער געכאַפּט דעם ערשטן קוק
אויף זיין „שולמית״ . . . דורך געברויז
פון יוגנט־בלוט הילכט קלאַנג אין רוים —
אַזוי דער סוף קומט קריק צום זוים.

XCIV

עס האָט דעם זוים שוין לאַנג פאַרכאַפּט
די נייע צייט, פון קאַמף דאָס ליד.
די לופט ניט מער איז אָנגעזאַפּט
מיט שטילע טרוימען. הילכיק גליט
אַ רוף : „אַראָפּ מיט שקלאַפעריי !
די תפיסות איבעראַל פאַרברענט !
די וועלט געשאַפן פון דאָס ניי
מוז ווערן דורך מאַזאָליעס־הענט !״
אַ נייעם זין באַקומט דער וואַלד,
מיט אָטעם־קאַמף די לופט דאַרט הויכט.
יאָ, שטאַרק און מעכטיק אויסגעשאַלט
ווערט אָנזאָג פאַר דעם טאָג וואָס לויכט.
ס׳פאַרנעמט די קלאַנגען אויך מיין העלד,
פון זוים אויף ס׳ניי ווערט ער באַזעלט.

## XCV

יאָ, איינמאָל נאָך געווען באַשערט
מיין העלד צו זען „שולמית״ זיין,
פון ריגע קריק גאָר אויפגעקלערט
איז זי אין שטאָט מיט פּאָמפּ אַריין.
אין עסיק־האָניק אויסגעפּוצט,
האָט זי די גאַסן דורכגעקנאַלט,
אַ יונגערמאַן, וועם זי געדוצט,
האָט דאָנזשואַניש מיטגעפּראַלט.
„איר חתן״, האָט די גאַס גערעדט,
„אַ גאָרנישט און אַ פּוסטער פּראַנט״.
און איינמאָל, אַ נאָכמיטיק שפּעט,
האָט ער געזען זיי נאָנט באַנאַנד.
איר קערפּער שאַרף האָט אויפגעצוקט,
ווען עזרא זיך אויף איר פאַרקוקט.

## XCVI

זי איז אַוועק אַן נויג, אַן גרוס —
איר צער האָט ער דאָך טיף געשפּירט.
אַליין געפילט האָט ער פאַרדרוס
וואָס זיין „שולמית״ ווערט געפירט
פון יענעם פּראַנט מיט בלאַנקע שיך.
און וואָס איז זי אַזוי קאָקעט ?...
און ווי געענדערט !... אָ, ווי גיך !...
פון ציגנער ווערט זי שוין באַרעדט...
ער האָט דאָס מיידל דאָך געליבט
אַמאָל. פילט שולד אין איר באַנעם.
איז זי דען גליקלעך ?... ניין, באַטריבט
זעט אויס איר בליק, זי איז אין קלעם.
אַוועק דאָס מיידל איבער ים —
און דאָס דער סוף איז פון אַ פלאַם.

XCVII

דער וועג פון זאַגער — אָקמעאַן
איז קיין שאָסיי אויף מײַלן פינף.
עס רוישט דאָ אויך ניט דורך די באַן,
אין וועלדער זיצט דאָ ניט קיין נימף.
אַ שמאָלער וועג מיט גריבער פיל,
דורך פעלד און וואַלד אַ דינער פוס.
עס קוואַקן פרעש. עס גרילט די גריל.
אַ שאָרך אין וואַלד — און פילסט אַ סקרוך.
די פויגל זינגען דאָ קיין ליד,
נאָר גרויער שפּאַרבער און די קראָ.
די נאַכטיגאַל איז אָפּט אויך מיד
און טרילט ניט אין דער מאָרגן־שעה.
מיט זונענבלומען לאַנד דאָ רייך,
און ערגעץ פליסט אויך דורך אַ טייך.

XCVIII

עס לעבט זיך פרידלעך דער ליטווין,
ציט חיות פון זיין מאָגער לאַנד.
ניט רייך איז אויך די האָניק־בין,
און טעכטער טראַכטן ניט פון שאַנד.
ניט שעמעוודיק איז פויער־יונג,
מען קריוודעט דאָ ניט די נאַטור,
און ווען פאַרשטומט האָט קאָסע־קלונג,
דאָס היי געפּאַקט ווערט אויף דער פור,
דאַן הילכט גאָר פריילעך אויף דאָס שפּיל
אין פעלד און דאָרף. מען טאַנצט, מען זינגט.
גענוס פון לעבן איז דאָס ציל,
דעם גלח'ס ברכה — ניט באַדינגט.
עס איז דער דיכטער ניט גערעכט:
„ליטא שלי" האָט וואָס פאַרשוועכט.

XCIX

און נאָך אַ פּאַס מיין עזרא פּאָרט,
אַ פּעטער האָט די פּור געבאָרגט.
די שטילע מומע האָט אַ וואָרט:
„כ'פאָר מיט און אַלץ וועט זיין באַזאָרגט."
אַרויסגעפּאָרן שפּעט ביינאַכט,
צו קומען דאָרט מיט מאָרגנפרי.
טרייבט עזרא ס'פערד. די מומע וואַכט.
די ליפּן שטום. מיט ברעם אַ צי.
ווער קען דעם סוד פון ליטעס וואַלד ?!
פון ליטעס פעלד ווער טרינקט דעם שלאָף ?!
אַיעדער בוים האָט מענטשגעשטאַלט,
די גראָזן שעפּטשען דיר אין־סוף.
די נאַכט איז טיף. דער אָטעם לאַנג.
די שאָטנשטילקייט האָט איר קלאַנג.

C

אַ דינער טוי אין דעם באַגין,
די שאָטנס זיינען נאָך אין מאַכט.
„זע, עזרא, דאָרט... דאָס איז שנאַרגלין..."
האָט מומע פּלוצלונג אויפגעוואַכט.
„אָט דאָ דער זיידע האָט געלעבט,
כ'געדענק אים נאָך... געווען אַ קינד..."
און עזרא בליקט... דאָרט עפּעס שוועבט...
אַ הויז פאַרלאָזן... פענצטער בלינד...
און וואָס אַהינטער ?... איינגעהילט.
און מער די מומע האָט קיין וואָרט.
געווען מיין עזרא איבערפילט
מיט וואונדער־מעשיות פון דעם אָרט.
ער שפּרינגט פון פור שיר ניט אַרויס —
אָט דאָ די שנור פון יחוס גרויס...

CI

אָט דאָ געטראָטן זיידעס פיס!...
יאָ, דאָ געלעבט אַן אידעאַל
פון פעלד און אַקער, פראַצע זיס,
פון היי אין שייער, מיסט אין שטאַל;
פון זינגען שירה יעדן טאָג
דעם בורא פאַר זיין רייך נאַטור:
אין שויס פון ערד, איז גאָטס פאַרמאָג,
אין שויס פון גאָט זעט מענטש זיין שפור.
אָט דאָ גע׳חולמ׳ט האָט אַ שטאַם,
געלויכטן אין דעם גאַנג פון טעג;
פאַרוואַקסן וועג, געפאַלן צאַם —
אַ חורבה שטייט דאָ ווייט פון ברעג!
און ס׳טאַנצן שאָטנס אום געדיכט,
פון חלל ווייט בליקט אַ געזיכט...

CII

שוין גרייט מיין עזרא איז אין וועג,
צום מילדן דרום שיקזאַל פירט.
אַ נייע, זון פאַר צוקונפט־טעג
האָט ער פון ווייטן הייס דערשפירט.
אָ, וויפיל צויבער ליגט אין קלאַנג
פון יענעם וואָרט, וואָס הייסט אַדעס!
דו ווערסט באַנומען — אייך פאַרלאַנג:
צו זען דעם חלום און דעם נס.
דער באָדן פון דיין אייגן גאַס
קריגט נייעם צויבער אין באַריר
פון דיינע טריט. דו טאַפּסט דעם פּאַס
אין בוזעם... אַ שבח, בורא, דיר!
יאָ, אָנגעזאַפּט מיט לויב צו גאָט,
נעמט עזרא אָפּשייד פון זיין שטאָט:

CIII

אַדיע, מיין זאַגער, שטאָט פון יחוס,
פון תורה, חכמה, בענקען, האָף!
השכלה האָט צו דיר אין שליחות
געשיקט די בעסטע זין לרוב.
תלמידים פון דעם בעל־הביאור
חיצוניות ביי דיר פאַרשפרייט;
און חכמה־קערנער אָן אַ שיעור
האָסטו אויף פעלדער ווייט פאַרזייט.
דו ביסט געגאַנגען אין גאָטס דרכים,
השכלה האָט דיר ניט פאַרשאַדט.
די קינדער דיינע שיקן שבחים
פון ווייטן דיר אין גרויסער טאָט.
ניט איינער האָט דיין שם פאַרמערט —
האָט בורא מיר דאָס אויך באַשערט?...

CIV

דיין רבנות־שטול געווען אַ צירונג
פאַר יעדן גאון אין תורה־וועלט.
און ווער ביי דיר געהאַט די פירונג,
זיין שם גאַר ווייט האָט ניט פאַרפעלט.
ר' אלינקע, דער לידער גאון,
זיין גוטסקייט ווער דאָ ניט געדענקט?!
אַ איד אין קעלט, קאַרג אָנגעטאָן,
זיין בגד באַלד אים ער פאַרשענקט.
און יענקעלע, דער גרויסער חריף,
איז שטאָלץ געזעסן אויף דיין שטול.
אין יעדער שול, ביז שפּעט נאָך מעריב,
די לופט מיט תורה איז פאַרפול.
אין ים פון תלמוד, חקירה, דעת
צירט זיך ביי דיר די שוסטער־גאַס.

## CV

געוואַקסן האָבן ריזנ׳כוחות
אין איינזאַם פון דיין שטיל געמיט.
אָט דאָ געשאַרפט זיך האָבן מוחות,
אויך מוסר האָט דאָ שיר געבליט.
פון טיי אין מאָסקווע גרעסטער סוחר,
ר׳ קלמן, האָט געווירקט דאָ יונג.
זיין מוסר האָט באַטראַכט אַלס עוכר
דעם משכיל מיט זיין חקירה־צונג.
נאָר די השכלה האָט פאַרטראָטן
די סאַמע פּני פון דיין געבוי;
דער מוסר האָט דאָ ניט געראָטן,
געפעלט דיר פאַנאַטיזם־טוי.
נאָר אָרעם איז דיין מוטער־שויס,
און כוחות רייסן זיך אַרויס.

## CVI

ר׳ חיים זאַק׳ס גאָר גרויסער נאָמען
געקלונגען איבער גרענעץ ווייט.
זיין האַנט האָט דאָ פאַרשטאַרקט דעם זאָמען
פון תורה און פון נייער צייט.
אַ טיפער קענער אין פיל שפּראַכן,
אין פילוסופיה אויפגעקלערט,
מיט פּראָפעסאָרן וועגן זאַכן
אין מעדיצין זיך אָפט פאַרהערט.
ער איז ביי דיר געווען וועגווייזער
פאַר נייעם דרך אין גאָטס וועלט.
אַרום געלויכטן האָבן הייזער
מיט תורה, חכמה — ניט מיט געלט.
ס׳בטלנים־שטיבל ביי זיין הויז
אַ זכר פאַר זיין נאָמען גרויס.

CVII

און די חכמנית הינדע גיטע
ר׳ חיים׳ס קאָפּ מיט קרוין באַצירט.
איר שם געטראָגן זיך דורך ליטע,
געשעפטן גרויס האָט זי געפירט.
נאָך פּרייסן אָפט אַליין געפאָרן,
באַזוכט דעם לייפּציגער יאַריד,
און צו איר קאָפּ דעם העלן, קלאָרן,
נאָך עצה קומט אין נויט אַ איד.
ביז איבער ניינציק האָט איר לעבן
מיט חכמה הויך דיין רום באַשיינט;
איבער איר טויטנבעט נאָך שוועבן
זע איך איר קלוגשאַפט אָט ווי היינט.
די בודן אַלע צוגעמאַכט
ווען קרוין צו קבורה ווערט געבראַכט.

CVIII

און נעמען טראָגן זיך ווי קרוינען
דורך תפוצות ווייט אין אונזער וועלט.
יאָ, גוטע טאַטן נאָך באַלוינען
דאָס וויגל פון דיין שיין געצעלט.
געשפּראָצט אַ בוים פון דיינע טיפן:
לייב מאַנדעלשטאַם, מיט צווייגן גרויס.
ער האָט השכלה אין באַגריפן
גאָר ניי געבראַכט אין רוסלאַנדס שויס.
דער ערשטער איד מיט דאָקטאָר־טיטל
פאַר פילאָזאָפיע אין דעם לאַנד,
האָט ער באַקעמפט דעם אידנס ביטול
פאַר שקאָלעס מיט זיין פעדער־האַנט.
און קינדער פון דעם שיינעם שטאַם
נאָך לאַנג אַ צירונג פאַר דיין ראַם.

## CIX

עס שטייגן נעמען אין גאַלעריע:
עליאַשעוו, גאָרדאָן, דינעזאָן.
נו, וואַקסט דיין שם אין פעריפעריע,
מיט קינדער אין דעם אויבנאָן.
און איצט ביים אָפּשייד וויל איך שווערן:
כ'וועל ניט פאַרשעמען דיך, אָ ניין.
אויב דו אַמאָל פון מיר וועסט הערן,
וועט גוטע טאַט עס זיין אַליין.
איך גיי אַרויס אויף וויטע וועגן,
אין נעבל ליגט דער האָריזאָנט;
און דאָ מיין וואָרט: דער זון אַנטקעגן
וועלן מיינע טריט נאָר זיין דערקאָנט.
שוין הער איך רוישן יענעם ים —
פון דיר אַוועק ציט נאָך אַ שטאַם.

## CX

און זיי געזונט אויך, מומע ליבע!
און ניט פאַרגעס, קוזינע מיין,
אין אַלע טעג די בענקענד־טריבע
דיין זיסן חלום שטיק אַריין
אין אַלע רייצנדע אוזאָרן,
וואָס דיינע פינגער צייכנען שטום;
עס גייט אַ חלום ניט פאַרלאָרן
ווען איינגעשטיקט איז ער אין בלום.
און דאָרטן ביי דעם ים דעם שוואַרצן
וועט עזרא וועבן אייגן טרוים,
אוזאָרן־בילדער פון זיין האַרצן
וועט שיקן ער אין וויטן רוים:
און ערגעץ־וואו אויף נאָנטן בייט
די בלומען טרעפן זיך פאַרזייט.

איך וויס, ביסט ניטאָ מער, אַ זאַגער, מיין זאַגער!
פֿאַרשניטן די קינדער פֿון גרויס און פֿון קליין.
יום כּיפּור תּש"ב, אויסער שטאָט אין דעם לאַגער,
האָט שכן פֿון פּריסן פֿאַרצוקט דיין געביין.
געהאָלפֿן די זין פֿון אייגענער ליטע
דער רוצחישער האַנט צו זייען „קולטור";
ס'האָט הימל און ערד געזען אָט די שחיטה —
צעריסן אויף אייביק דיין גאָלדענע שנור.
דיין חכמה זייט דורות אויף פּליגל געריטן,
פֿאַרלאָשן האָט שונא דאָס ליכט פֿון דיין ברעם;
און מיר, דיינע פֿויגל, מיר שווערן צו היטן
דיין אָנדענק, דיין אָנזאָג, דיין קידוש השם.
מיר וועלן שטאָלץ טראָגן דיין גייסט אין דער וועלט
און שמידן דעם קיום אין אייביקער צייט.

אַדיעס, דו שײנקײט פֿון דעם דרום,
איך קום צו דיר אַצינד צוריק!
איך ווײס, עס האָט דער נאַצי־וואָרעם
פּאַרוויסט דײַן פּראַכט, צעשטערט דײַן גליק.
איך ווײס, דער פֿײַנט האָט דיך צעטראָטן,
צעפּרעסן ליגט דײַן שײנע ברוסט;
נאָר ס'איז דאָס שפּיל אים ניט געראָטן,
ס'פֿאַרגײט אים שוין זײַן רויבערלוסט.
נקמה ברענט אויף דײַנע סקאַלעס,
עס רופֿט צו זיג דער לאַנזשעראָן,
דער שוואַרצער ים מיט דײַנע כוואַליעס
האָט קבר גרײט פֿאַר נאַצי־פֿאָן.
אַדיעס, דו ליבע, כיזע דיך פֿרײַ,
און פּרעכטיק בליסטו פֿון דאָסנײַ.

און אַזוי האָב איך געלעבט אין אָדעס.

פּושקין

I

ווער ס'האָט געאָטעמט נאָר דיין לופט,
אָדעס, פאַרגעסן וועט דיך ניט.
פון ווייטע לענדער שטענדיק רופט
אַ קינד צו דיר — דיין צויבער ציט.
און קאָן דיין צויבער ווער פאַרשטיין ?
עס פעלן ווערטער דעם פּאָעט.
פון אַלע ליבסטע דו אַליין
געגעבן האָסט דעם כישוף־גלעט
די קינדער דיינע מיט אין וועג :
און ס'זינגען הערצער הייס צו דיר
אין אַלע לאַנגע וואַנדערטעג.
און אָט מיין העלד שטייט ביי דיין טיר,
מיט זוניק שמייכל נעמסט אים אויף —
אַ נייער שריט אין לעבנסלויף.

II

געפּאָרן עזרא צוויי מעת־לעת,
אויף רייזעבאַן צום ערשטן מאָל.
די גאַנצע צייט: אָדעס, אָדעס...
ער ציילט די סטאַנציעס אָן אַ צאָל.
אין דעם וואַגאָן אויף האַרטער באַנק
מיין העלד געמאַכט זיך שטיל באַקוועם;
געדיכטער רויך איז דער געטראַנק,
וואָס זעטיגט אויג און שפּיצט די ברעם.
עס פאָרן אידן. אימפּעט רעדט.
און פויערפאָלק אַרויף־אַראָפּ.
דערשלאָגנקייט גייט אין געוועט,
ניין, קיינער האַלט דאָ הויך דעם קאָפּ.
מען לויפט, מען רעש׳ט, מען שלעפּט די פּעק:
אָט־אָט, דער פּאַיעזד גייט אַוועק.

III

דער זומער בליט אויף פעלד און וואַלד
אין אָרעמקייט פון דער נאַטור.
עס לויפט די באַן. אַן עכאָ שאַלט —
דער בריאַזג און קלאַנג נאָך אייגן שפּור.
עס פּרייכט דער מידער לאָקמאָטיוו,
אויף יעדער סטאַנציע הילכט אַ פייף.
דער דרויסן לויכט אין הימל־זיו,
אַ גאָרטן האָט אַ פּרוכט וואו רייף.
אַ פּויערמיידל, שיר אַ קינד,
קוקט נאָך דעם צוג. דאָס פּנים גאַפט.
דאָס קליידל שפּילט זיך מיט דעם ווינט,
דאָס מיילכל אָפן, טריפט מיט זאַפט.
עס איז איר טעגלעך פריידיק גרוס —
יאָ, רוסלאַנד טיילט נאָך צו גענוס.

## IV

אויף סטאַנציע ראָוונע שטייט דער צוג
אומענדלעך לאַנג — יאָ, צען מינוט.
ווי פון אָריענט אַ ריזנקרוג
אַ דאַמע, שולטער ברייט, אָן הוט,
מיט אויערערינגען רייפנגרויס,
שטייט אויף פּלאַטפאָרם פון וואָקזאַל,
די הויכע ברוסט דער וועלט אַרויס,
די אויגן בלישטשען צום מעדאַל
אויף ברוסט פון יונגן אָפיציר.
ער שטייט געצייגט. און — הער נאָר הער! —
ווי פון טאָלסטאָיס „וואָינאַ אי מיר"
רעדט פרעמדע שפּראַך דער קאַוואַלער!
די שפּראַך איז דייטש, מיין העלד דערקענט,
און ס'לאַכט דער „קרוג", אויף בויך די הענט.

## V

געזאָגט געוויס האָט ער אַ וויץ
אין בעסטן סטיל פון מיליטער;
די דאַמע ענטפערט אָפּ מיט בליץ,
מיט תאווה אין איר יעדן קער.
און אָט דורך פענצטער פון וואַגאָן
מיין עזרא קוקט און זעט דאָס בילד;
און כאָטש פון באַלטישן ראַיאָן
קומט ער אַליין, וואו דייטש נאָך גילט,
קלינגט אים די שפּראַך דאָ פרעמד און ווייט
אין מויל פון צאַרסקן אָפיציר:
אַנאַכראָניזם, יאָ, פון אַ צייט,
וואָס האָט פאַרלאָרן איר קאָליר.
ווי מאָדנע: ס'איז דאָך אַ געפיל
שיר ניט פון אַ סלאַוויאַנאָפיל.

VI

דער טאָג אין גלאַנץ. עס לויכט אַ בלום:
דער מילדער דרום האָט זיין דופט
צעשפּרייט אין זעלטענעם פּאַרפיום —
אַ כישוף־הויך דיך גריסט און רופט...
יאָ, ביי דעם פּרעכטיקן וואָקזאַל
פון לאַנג־געגאַרטן טרוים־אָדעס
שטייט עזרא. זע, פון איבעראַל
אַ ליכטיק שמייכל. ס׳איז דער נס,
וואָס איז געוואַקסן אויף דעם ברעג
פון שוואַרצן ים, ביי כאַדזשיביי,
און שטראַלט געפּוצט אין העלע טעג,
ווי ווייט פון רוסלאַנדס טיפן ווי
די שיינע שטאָט פאַר זיך אַ וועלט
און צאַרס רעזשים וואָלט דאָ געפעלט.

VII

אַ קוואַל פון ליכט, אַ שטראָם פון פרייד.
מיין העלד מיט צויבער אָנגעפילט.
ער שפּירט, אַז דאָ קוועלט רייך באַשייד
פאַר צוקונפט־טעג. יאָ, איינגעהילט
איז מאָרגן שטענדיק אין טומאַן,
כאָטש אָפט דורכזיכטיק פאַר אַן אויג.
ווי ליכטיק ביסטו, ברעג לימאַן,
דו מאַיעסטעט, מיין קאָפּ איך בויג!
אָדעס, אָדעס, דו ביסט דער טרוים
פון קינדער ווייט, אין דורשט נאָך ליכט.
ניט איינמאָל האָט דיין פליגל־זוים
געבענטשט אַ קינד מיט שאַפונג־פליכט.
און אָט אַ זון פון ליטע קאַלט
אין דיינע אָרעמס פלאַמיק פאַלט.

## VIII

ווי טיף דער וועג? ווי ווייט דער גאַנג?
עס הילכן טריט אויף טראָטואַר.
און יעדער שריט אַ שטיק געזאַנג,
אַקאָרד אין הערליכן ווירוואַר.
ווי פּרעכטיק וואָס אים איז באַשערט
צו חלום־שפּרייזן דאָ אויף גאַס,
וואו קיין זאַך שיינט ניט זיין פאַרווערט
און קיינער פרעגט ביי דיר קיין פּאַס.
עס איז דער נס וואָס אָט דער כרך
איז טייל טשערטאַ. געבענשט דער אָרט.
ווי זאַפטיק קלינגט דאָ אידיש שפּראַך,
געפּעפּערט מיט אַ רוסיש וואָרט.
אַ זעלטן ריטם אין דער לופט —
דער קלאַנג וואָס לאָקט און אייביק רופט.

## IX

דער מענטש איז דאָ קאָסמאָפּאָליט,
ס'איז רוסלאַנדס טיר צום מיטלמער.
פון לענדער שטענדיק אַהער ציט,
צו אָט דעם גרויסן ים־פּאַרקער,
דעם גריך, דעם טערק, דעם מאָלדאַוואַן,
איטאַליעס זינגנדיקע זין,
פון נאָענטן קרים אַ טאָטער־כאַן,
פון פראַנקרייך, שפּאַניע — זייער מין.
און אַלץ גיסט דאָ זיך אויס אין פורם,
וואָס הייסט אָדעס, דער מעלטינג פּאָט.
מען בויט מיט לוסט דעם בבל־טורם,
איירעזיע גייט אַ קאַראַהאָד.
דער רוס איז דאָ שיר ניט אַ גאַסט,
יאָ, אָרדנונג היט ער ווי עס פּאַסט.

X

און אָט מיין העלד שטייט ביי אַ הויז,
צוויי שטאָק פאַרשעמט, די פאַרב אַלט־געל,
פאַרלאָזן־איינזאַם קוקט עס אויס,
געזונקען טיף אין דר׳ערד די שוועל.
נאָר אָט אַ שריפט: אָט דאָ געלעבט
האָט פּושקין — אַכצן צוואַנציק דריי
און פיר. ער בליקט... און זע... עס שוועבט
דורך שויב זיין נעגער־קאָפּ פאַרביי...
און באַלד — אַן עפן זיך די טיר...
אַ שפּאַן אַרויס זיין שטאָלץ געשטאַלט
און מיט דער ווייסער האַנט אַ פיר
אין חלל... שטים גאָר מעכטיק שאַלט:
„האָב זיך געשטעלט אַ מאָנומענט,
און אייביק טריט צו אים דערקענט".

XXI

דער מאָנומענט שטייט דאָ ניט ווייט,
נאָר יענער איז פון הענט געמאַכט.
זיין אייגן — אויסער רוים און צייט —
אין אָט דעם הויז געווען פאַרטראַכט.
אָט דאָ אָניעגין האָט באַגלייט
דעם דיכטער אין זיין מוזע־שעה,
סאָנעטן האָבן זיך געקייט
אין קלאַנגען ביז דעם מאָרגנגראָ.
ס׳האָט רוסלאַנדס זוניקסטער פּאָעט
פון דאַנען שטראַלן ווייט צעשיקט,
נאָר ס׳האָבן צינגער בייז גערעדט:
פיל אַלטע ווערטן ער צעפליקט.
פאַרלאָזט דער דיכטער כאַדזשיביי,
צום צפון קאַלט ציט ער מיט וויי.

XII

„ס'איז קאַלטער צפון שעדלעך מיר,"
זאָגט פּושקין אין אָניעגין־ליד.
און דאָ ביי דער אייראַזיע־טיר
האָט ער אין אומרו זיך פאַרבריט —
(דאָס שפּיל פון אַפריקאַניש בלוט!)
אין איינזאַם דאָרף פאַריאָגט, פאַרבאַנט,
שטראַלט מוזע אויף אין שענסטן גלוט,
זיין נאָמען לויכט ווייט איבער לאַנד.
נאָר רו ניטוואו האָט דער פּאָעט,
פאַרליימדונג פלעכט פאַר אים אַ נעץ;
אין צאַפּל האַרץ, באַשימפּט, באַשפּעט,
פאַלט ער דורך קויל פון פרעמדן לץ.
יאָ, שעדלעך צפון אים געווען —
פאַרלאָשן אין דעם קאַלטן ברען.

XIII

און יעדעס מאָל ווען עזרא שטייט
ביי אָט דעם הויז פון רוסלאַנדס רום
און טראַכט ווי שיקזאַל ווערט געקייט
אויף וועגן גלייך, אויף וועגן קרום,
ווי וועגט פאַרבליאַקעט ווערן אַלט,
מיט נאָמען פון דעם רום געקריצט,
ווי פענצטער לויכטן די געשטאַלט
דורך אַכציק יאָר — זיין גייסט געבליצט, —
דאַן פילט ער אַז געווען גערעכט
איז דיכטער מיט זיין מאָנומענט:
דער גייסט, די קונסט בלייבט אייביק עכט,
די צייט צעשטויבט די ווערק פון הענט.
אַזוי ביי דער געזונקנער שוועל
אַ פאַלקס נר תמיד לויכט אויף העל.

XIV

עס גייען טעג. די צייט פאַרלירט
פון זיך פאַר דיר זיי אומגעציילט.
צו ריכטונגציל ווען דאָס נאָר פירט,
פון זיך האָסטו וואָס אויסגעטיילט.
יאָ, עזרא האָט אַ ציל פאַר זיך,
נאָר איז ניט תופס רוים און צייט.
ער שפרייזט די גאַסן, רייסט די שיך,
און אַלץ איז נאָנט און אַלץ איז ווייט.
צו וויסן איז זיין תשוקה גרויס,
ער ליבט די ביכער אָן אַ שיעור;
נאָר שטענדיק ציט אים וואָס פון הויז,
מיט דרויסן קומען אין באַריר.
אַ פּנים, בוים — דאָס אַלץ מאַגנעט.
איז טאָג ניט פרי און נאַכט ניט שפּעט.

XV

עס רוישט דער ים זיין אייגן שפּיל
און שיקט דיר גרוסן פון אַ וועלט,
וואָס איז דיר ווייט און לאָקט דיך קיל —
און איבער דיר דער הימל העלט.
מיט סקאַלעס רייך איז ים און ברעג,
פאַר׳חלומ׳ט קוקן זיי צו דיר.
פרעגסט ניט ביים שטורם צו מען מעג.
דו שטייגסט אַרויף. און דיין נייגיר
פאַרטרויסט דעם רויען עלעמענט.
ער שיקט דיר ענטפער אין זיין שוים:
דאָס לעבן האָסטו שוין דערקענט
ווען דו באַגריפן האָסט מיין תהום.
און ס׳זינגט דער ים און וויגט דיך איין:
„אין רויש פון שאַפן זוך דיין זיין״.

XVI

יאָ, שאַפֿן, שאַפֿן... וואָס נאָך מער?
אין שאַפֿן האָט זיך גאָט אַנטפּלעקט.
און ווען יצירה איז אויך שווער,
אַ שטראַל — און סוד איז באַלד אַנטדעקט.
ווען ס׳פֿילט דער בורא ניט קיין פֿרייד
אין שאַפֿן־געבן אונז די וועלט,
וואָלט אַלץ געבליבן אָן באַשייד
דאָס זיין. דאָס ניטזיין וואָלט געפֿעלט.
דער קיום ליגט אין שאַפֿן וואָס,
אין תּיקון קאָנסטו ניט פֿאַרגיין.
עס איז די וועלט דעם מענטש אַ כּוס,
דיין טראָפּן העלפֿט דעם סוד פֿאַרשטיין.
און ווען אומהיימלעך רוישט דער ים,
אויף פֿעלז זיצסטו מיט אייגן פֿלאַם.

XVII

יאָ, וואָס אויף וועלט דיר אַלץ באַשערט?
וואָס איז דיין איך אין דעם געקלאַנג
פֿון ים און ווינט, פֿון הימל־ערד,
פֿון יענעם צאַפּל אין געדראַנג
פֿון מענטש און חיה, קנעכט און האַר?
מיין עזרא פֿילט אַ שטאַרק באַגער
זיך אויסצוטיילן פֿון ווירוואַר,
פֿון אָט דעם גאַנצן רוישפֿאַרקער,
און ווערן קענטיק מיט זיין טריט,
אַריינצוואַרפֿן אין דעם שטראָם
זיין אייגן קלאַנג, וואָס ווערט געשמידט
מיט הילף פֿון אָט דעם טיפֿן תּהום, —
און הילכן זאָל פֿון זיין געמיט
אַ וואָרט, אין חלל זיך צעבליט!

## XVIII

און וואָס דאָס וואָרט ? חזיון־הויך ?
נבואה־צאַפּל ? דיכטער־פלאַם ?
אַ וואָרט פאַרלעשט זיך ניט אין רויך
פון קאַמף. עס פורמט זיך אין ראַם
פון אייגן אימפּעט — דיין פאַרמעסט.
דאָס וואָרט שפּאַלט הימלען, שטורמט גאָט,
אַ וואָרט טרייסט פויגל אין זיין נעסט,
אַ וואָרט איז ציווי און פאַרבאָט,
אַ וואָרט איז בינה, וואָרט איז ווערט,
מיט וואָרט אַליין איז מענטש דער האַר.
און אויב דאָס וואָרט איז דיר באַשערט,
האַלט הייליק אים אויף זיין אַלטאַר.
דען וואָס געמויערט ליגט אין וואָרט
קיין שטורם האָט גערירט פון אָרט.

## XIX

יאָ, בלינדער מענטש אַ זעער גרויס !
געדיכטער נעבל הילט דעם וועג.
די ערד איז ניט קיין מוטערשויס,
עס רוט געפאַר אויף יעדן שטעג.
און קאָנסטו מעסטן יעדן שריט ?
צי קאָנסטו האָרכן יעדן קלאַנג ?
יאָ, בלינדערהייט דאָך אָפּגעהיט
ווערסטו פון אייגן ריכטונג־דראַנג.
דו ביסט אַ טויב — דער וועג איז העל.
דו ביסט אַ קראָט — דער וועג איז נאַכט.
און צווישן שטייט דיין אייגן שוועל,
אַ שריט פאַרפעלט, אַ וועלט געקראַכט.
און דאָך פילט מענטש : ניט אַלץ פאַרלירט
וואָס זיך אויף וועגן האָט פאַראירט.

## XX

דו ביסט ניט זיכער אויב ס׳איז רעכט
צו שטעלן אַלץ אין טונקלען שפּיל ;
נאָר מיט דעם שיקזאַל אין געפּעכט
איז דאָך אַן אייביק ריכטונג־ציל.
דו ביסט ניט זיכער אויב ס׳איז קלוג
צו שטרעקן שלום יעדער האַנט ;
בייזייט אַן אויג בלינקט שוין באַטרוג,
און זע, דאָס אויג איז דיר באַקאַנט.
אַנטוישונג, יאוש, איז אַ פּרוכט
וואָס קומט פון שענקען גלויבן בלינד,
נאָר ווער דאָס גלויבן האָט פאַרפלוכט,
האָט שוין פאַרפרעמט זיין אייגן קינד.
אין ווייטן, טיפן האָריזאָנט
אַ ליכט צו טאַט שוין שטראַלט און מאָנט.

## XI

דער וועג באַשטימט. ער נעמט דעם קלאַנג
פון וואָרט. דאָס ברויז אין אים פון פרי.
ער וועט עס פורמען אין געזאַנג
און וואַרפן אין דעם הייסן ברי
פון מענטשנצאַפּל, שטורם, פּיין.
וועט זיין עס קאַמף, וועט זיין עס שפּיל,
זיין האַרץ וועט דאָרטן זיכער זיין.
ער ליבט דעם שטורם. דאָס איז ציל.
ער ליבט דאָס שפּיל. דאָס איז וואָרט.
און אויב אין שטורם וואָס פאַרפעלט,
וועט שפּיל געווינען אויף זיין אָרט,
ביז העל לויכט אויף אַ נייע וועלט.
נו הער, דו ים, פאַרנעם, דו וועל :
מיין וואָרט אין פלאַם גייט אויף גאָר שנעל.

XXII

אַזוי מיין העלד, מיט זיבצן יאָר,
טרוימט אויף דעם ברעג פון כאַדזשיבײ.
ער הערט זיך צו דעם כוואַליע־כאָר
און צו די פויגל אין געשריי
נאָך יאַגד, נאָך טויטע פיש אויף שוים.
די שיפן אויף דעם האָריזאָנט
פאַרשווינדן אין דעם וויטן רוים —
און עפּעס רופט און עפּעס מאָנט.
ער פילט צו זיין אויף שיף אָט דאָרט
און טראָגן זיך אין וועלט אָן ציל.
אָט סתם אַזוי. ער קען דאָס וואָרט.
ס׳איז וואַנדערלוסט. ס׳איז אַ געפיל,
וואָס הילט מיין עזראַ׳ן שטענדיק איין
און פילט אים אָן מיט בענק און פיין.

XXIII

יאָ, שטענדיק האָט געצויגן ווייט
מיין העלד פון זיינע טריט אַוועק,
און שטענדיק איז אַן איבערבייט
געקומען ניט אָן ציל, אָן צוועק,
דאָך אָפט מיט ליידן אין באַגלייט.
אַזוי באַשערט. ס׳האָט וואָס געהיט
אין אים. אַ מאַכט, וואָס האָט באַשייד
געוואוסט צו צייגן אים די טריט
אויף אַלע וועגן. אויב פאַראירט
האָט עזרא דאָך אַמאָל אין גאַנג,
האָט ער דעם וויטיק באַלד דערשפּירט
און הייס געלייטערט אין געזאַנג.
יאָ, שנעל די וואונדן זיך געהיילט,
וואָס ער קיינמאָל האָט ניט געציילט.

XXIV

עס האָבן טעג זיך לאַנג געקייט,
אַמאָל אויך קורץ די וואָכן פּיל;
חדשים, יאָרן שטייען גרייט
צו לויפן הינטער דיר צום ציל.
נו, נענטער, נענטער קום, דו טאָג,
און לויכט מיר אויף דיין פולע פּראַכט!
וויל הערן וואָס איז דיין פאַרזאָג:
דער זונפאַרגאַנג?... די מידע נאַכט?...
איך בין אַ קינד פון רוסלאַנדס שויס,
איך בין אַ זון פון פאָלק ישראל;
עס פעלט אַן אָפּדאַך יעקב׳ס הויז,
און שנאה־פול איז עשו׳ס קול.
אויך דאָ אין פּרעכטיקן טשערטאַ
הערט איד מער ניעט און זעלטן דאַ.

XXV

אויך דאָ אין פּרעכטיקן אָדעס
האָט עזרא שנעל און טיף דערפילט,
אַז דורשט צו בילדונג, צו פּראָגרעס,
דעם אידיש קינד ווערט ניט געשטילט
מיט וויסן פון אַן אָפן קוואַל.
פאַרשפּאַרט דער וועג. דעם צאַרס געזעץ
איז גילטיק דאָ ווי איבעראַל.
פון שטערונגען אַ גאַנצער נעץ
ליגט אויסגעשפּרייט דעם איד צום טיר
פון הויכן פּראָסוועשטשעניע־טורם;
און ס׳בלאַנקען אום גאָר אָן אַ שיעור
פאַרשפּילטע האָפנונגען אין שטורם
פון אָט דעם טעמפּן צאַר־רעזשים.
„צום קאַמף! פּראָטעסט מוז זיין דיין שטים!"

XXVI

אַך גאָט, וויפיל אַ אידיש קינד
מוז קעמפן אין זיין לעבנסלויף,
מוז צאָלן פאַר אַ יעדענס זינד
און געבן נאָך אַן אַדערויף!
דער קאַמף אַלס איד: צו ציון קריק.
דער קאַמף אַלס מענטש: פאַר פרייהייט, רעכט.
ער פירט זיי ביידע. ס'איז א י י ן בריק
פאַר עזרא. זעט דאָ קיין געפעכט.
אַזוי האָט ער זיין וועג געזען,
אַזוי האָט ער זיין ציל באַשטימט.
ס'איז איד און מענטש צוגלייך אין פלען
ווען איינעמס רעכט ווערט נאָר געקרימט.
צו אַלע סכאָדקעס גייט מיין העלד
צו קעמפן פאַר אַ פרייער וועלט.

XXVII

„נאָר עזרא, עזרא, ניט פאַרגעס,
דו מוזט געדענקען זיך אַליין;
דו ביסט געקומען אין אָדעס
צו לערנען וואָס. דו מוזט פאַרשטיין.
אָן תכלית טאָר אַ אידיש קינד
קיינמאָל פאַרגעסן אין זיין גאַנג,
פון זיך ניט טראַכטן איז אַ זינד.
דאָס לעבן קומט דיר אַלס געשאַנק,
נאָר די מתנה אָפּגעהיט
קאָן ווערן נאָר דורך דיינע הענט.
דאָס ו ו י ס ן איז דיין נעקסטער שריט,
אין דעם האָסטו זיך ניי דערקענט."
אַזוי אַ קול האָט אָפּט גערעדט —
מיין העלד געהערט אים ניט צו שפּעט.

## XXVIII

ס׳איז דאָ אַ לעבן אין אָדעס,
אין אים פאַרגראָבן טאָג ווי נאַכט
אַ בחור אויסגעצערט — אַ מת.
פון איין זאַך נאָר דער בחור טראַכט:
אַן אַטעסטאַט... אוניווערזיטעט...
אַ דאָקטאָר, צי גאָר אַדוואָקאַט —
קאַריערע ווייך ליגט אויסגעבעט,
דער וועג איז דאַן שוין קאַרפּעטגלאַט
פאַר אידיש קינד אויף רוסלאַנדס ברוסט.
אַוועק טשערטאַ! אַוועק די שאַנד!
דאָס לעבן מער ניט וויסט און פּוסט,
מיט מענטשן גלייך אין ברייטן לאַנד!
און מער ווי איינער וועבט דעם טרוים,
עקסטערן דער, וואָס טרינקט דעם שוים.

## XXIX

ווער ס׳האָט דאָס לעבן צוגעזען,
נאָר דער פון דעם האָט אַ באַגריף.
דער בחור זוברעוועט מיט ברען
אוטשעבניקעס — אַ תורה טיף.
ער וועט דורכזיצן גאַנצע נעכט
צו קענען קלאָר גראַמאַטיקע,
ער גייט מיט הונגער אין געפּעכט
צו וויסן וואו אַ יאַט, אַ יע.
ער עסט אין דער דעשאָווער קיך,
זעקס קאָפּיקעס אַ זופּ מיט ביין.
מיט לעכער פול זיין בגד, שיך,
נאָר צעזאַר קאָן ער שוין פאַרשטיין.
אַטמיעטקעס מוזן זיין גאָר הויך,
ווען ניט פון חלום ווערט אַ רויך.

XXX

מיין העלד געווען ניט פון דעם מין.
עקסטערן — יאָ. נאָר ניט אין נויט.
ער זעט אין שטודיום פיל מער זין —
ער האַסט קאַריערע ווי דעם טויט.
און וואו? אין לאַנד פון צאַר־רעזשים?
עס לאָקט אים ניט אַ טיטל גרויס.
ער הערט אין זיך אַן אַנדער שטים:
ער פאָרט נאָך אויסלאַנד שנעל אַרויס
ווי נאָר ער קריגט דעם אַטעסטאַט.
דער לימוד טרוקן, נאָר ניט שווער.
פון כללים, דאַטן לאַנג שוין זאַט.
צו מאַטעמאַטיק גרויס באַגער,
יאָ, געאָמעטריע און פיזיק
פאַרשלינגט ער מיט אַ שנעלן בליק.

XXXI

עס טרעפט: זיצט עזרא לייכט פאַרטיפט
ביי מאַטעמאַטישן פּראָבלעם.
ער טוט די אַרבעט ווי געשטיפט,
קיין וואָלקנפינטל אויף זיין ברעם.
און אָט פאַרענדיקט. פלוצים צוקט
אַ קלאַנג אין אים פון נאָנטער ווייט...
די ציפער ווערן שוין פאַררוקט
פאַר שורות, גראַמען... איבערבייט
קומט ניט געמערקט פאַר אים אַליין.
דאָס דיכטן אויך איז אים אַ שפּיל.
מער רויש, דאָס גאַר, אין זיין געביין.
אַ ליד. פּראָבלעם. ס'איז גאַנג און ציל.
אַזוי געוואַקסן איז מיין פריינט:
פּראָבלעמען, לידער — ביז צו היינט.

XXXII

נו זיי געגריסט, דו ברודער מיין,
דו העלד פון מיין עקסטערן־וועלט!
איך האָב געזען דיין נויט און פּיין,
דיין פלאַם און לעש אין דיין געצעלט.
געבליבן פיל אין מיטן גאַנג,
געציילטע נאָר דאָס ציל דערגרייכט;
און ווער געטרונקען דיין געטראַנק,
פאַרצערט אַ יוגנט, אויסגעבלייכט.
יאָ, זיי געבענטשט, דו קינד פון נויט,
וואָס האָט געשטרעבט צו וויסן, ליכט;
איך וויים, ניט איינער האָט געבויט
דעם קיום פאַר זיין פאָלק אין פליכט.
פאַרבליבן ווער קאַריערע־האַרט,
דאָס זוברעוועץ אים ניט גענאַרט.

XXXIII

אויף אָט דעם פעלד פון גרינס און מאָך
מיין העלד באַקענט זיך מיט אַ פריינט.
געוואוינט האָט יענער אין אַ לאָך,
וואו זון האָט קיינמאָל ניט געשיינט.
סלאָבאָדקע ער ניט לאַנג פאַרלאָזט,
געפּאַקט אים ביי חיצוניות;
געווען אַ בחור פלאַם און פראָסט,
געלעבט וואָס יענער האָט גענוס.
ענטוזיאַזם איז דאָס וואָרט,
וואָס קאָן באַצייכנען זיין געמיט;
איז קוים געזעסן אויף אַן אָרט,
ס׳האָט שטענדיק עפּעס אים געבריט.
זיין נאָמען? — פּנחס. ניין, ניט מער.
אַזוי געגאָלטן אין פאַרקער.

## XXXIV

ווען עזרא האָט דעם מענטש דערזען,
באַטראַכט זיין הילוך, ציטער, פּלאַם,
ווי ער צעפלאַקערט זיך מיט ברען
און באַלד אַנטשוויגן ווי אַ לאַם;
ווי דורך זיין מוח האָט געבליצט
אַ פּסוק מאַרקס, אחד העם,
ווי ער מיט פונקען האָט געשפּריצט,
אַ פייערבאַרג, אַ זודיק תהום,
וואָס זויגט אַליין די פלאַמען איין,
אַ פענאָמען: אָט גלוט, אָט קאַלט,
די אויגן בלויז אין וויטן שיין,
ווי רייך און עלנט אַ געשטאַלט, —
האָט ער געדריקט זיין ווייכע האַנט:
„נו, לאָמיר זיין ווי אַלט באַקאַנט".

## XXXV

ס'איז דאַנקבאַר פּנחס טיף געווען
פאַר אָט דער פריינטשאַפט. גוט די וועלט.
פאַרוואָס געבאָטן דווקא צען?...
אַן עלפטע וואָלט ער צוגעשטעלט:
התקרבות. רעות. אַלע נאָנט.
ס'איז מער ווי אהבה, וואָס איז בלינד.
אין ר ע ו ת בלויז ווערט מענטש דערקאָנט,
אין אהבה קערנער אָפט פאַר זינד.
התקרבות וויל אויך קאַפּיטאַל,
ער קאָן באַווייזן אויפן דף...
די אונטערדריקער — כף־הקל!
ניטאָ מער האַר, ניטאָ מער שקלאַף.
און באַלד אַ וואָרט אויך פון חז"ל —
פון ליידנשאַפט אַ וואַסערפאַל.

XXXVI

ער האָט געהאַט זיין אייגן בליק
אַווי צו לייזן וועלט־פּראָבלעם;
ער האָט געזען אַ גלייכע בריק
צו קאַרל מאַרקס פון דעם בעל שם.
עס האָט דער בעש״ט געזוכט, געשטרעבט
אַריינצוברענגען זונענשיין
אין הויז פון דעם וואָס האָט געלעבט
אין דחקות, יאוש, לייד און פּיין.
די וועלט איז שיין, די וועלט איז רייך,
פאַרוואָס געניסן זאָל בלויז גביר?
גאָטס גאָב געהערט צו אַלעם גלייך,
ניט מער קיין עניו ביי דער טיר.
די גרונטאידייע גלייך, עגאַל
אין קאַרל מאַרקסעס קאַפּיטאַל.

XXXVII

ס'האָט פּנחס, זון פון מורה־הוראה,
גאָר שטרענג דאָס כשרות אָפּגעהיט;
פון פליייש ביז מילך געוואַרט זעקס שעה,
דאָס איז געבאָט פאַר יעדן איד.
על פּי קאַרל מאַרקס האָט ער באַוויז,
אַז מאָגן, וואָס פיל טויזנט יאָר
האָט זיך גענערט מיט כשר שפּייז,
די דינים אָפּגעהיט ביז גאָר,
קאָן ניט פאַרטראָגן טריפ'ענעס.
יאָ, קראַנק מוז ווערן ווער ס'פאַרברעכט
צו דעם היסטאָרישן פּראָצעס
און עסט וואָס ניט עס ווערט געשעכט
לויט אידיש דין, מיט חלף שאַרף —
ער קאָן אויפמישן, אויב מען דאַרף...

XXXVIII

יאָ, פּנחס איז אַ ציוניסט,
נאָר האַלט ניט פון קיין אידנשטאַט;
אין האַרצן טיף אחד־העמ׳יסט,
האָט ער געגלויבט אין רבינ׳ס פּשט,
אַז מרכז רוחני איז גענוג.
ס׳געפעלט אים שטאַרק אָט דער געדאַנק:
אַ נייער ווייַן אין אַלטן קרוג
פאַר פאָלק ישראל וואָס איז קראַנק:
פון הר מוריה שאַלט אַ קול,
אַ רוף צו מענטש, צו ברודערשאַפט,
די גאַנצע ערד איז איין נאָר טאָל,
וואָס הערט דעם רוף מיט ליידנשאַפט.
אַזוי פון ציון ליכט נאָך שטראַלט
און הערצער טעמפּע מעכטיק שפּאַלט.

XXXIX

עס האָט מייַן עזרא צוגעהערט
זייַן נייעם פריינט. באַוואונדערונג
פאַר אים געהאַט. יאָ, אומגעשטערט
געניגט דעם קאָפּ צום זעלנשפּרונג
פון אָט דעם מענטשלעכן וואולקאַן,
וואָס צינדט און לעשט אַלייַן זיך אויס:
געדאַנקען לויפן מיט דער באַן,
נאָר פון טונעל קוים ווען אַרויס.
און קוים געפילט דאָס רויטע ליכט,
וואָס שטעלט אים אָפּ, וועט ער מיט צער
אין הענט פאַרגראָבן זייַן געזיכט
וואָס שווער איז וועג צו גאָטס אַלטאַר,
וואו מענטש מיט מענטש אין זון געפּאָרט,
און איך פאַרנעמט דאָרט אויך זייַן אָרט.

XL

מיין עזרא איז צו יענער צייט
געווען גענייגט צו האָרכן שטיל.
ער האָט געגלויבט צו זען באַדייט
אין יעדן וואָרט, וואָס קומט אין שפּיל
פון דעם געראַנגל, וואָס הייסט זיין,
און זוכט צו צייגן דיר דעם וועג
אַרויס פון טאָל פון יאָמער, פּיין,
און פירט דיך צו אַ הויכן שטעג,
צום ווייטן היכל — וועלטבאַנעם.
און ווען דאָס וואָרט שטימט ניט גאָר גלייך
מיט זיין געמיט, האָט ער זיין ברעם
פאַרצויגן שטום. מיט סתירות רייך
זעט ער פאַר זיך בן־אדם׳ס זעל —
דער וועג, דער וועג מוז דאָך זיין העל!

XLI

אין טרוימען רייך מיין העלד געלעבט,
ראָמאַנען האָט ער ניט געפירט.
פאַר אים די פרוי אַלץ העכער שוועבט
אין וועלט, וואָס איר געשטאַלט באַצירט.
צוריקגעצויגן ווי געווען,
האָט ער באַוואונדערונג געפילט:
יאָ, דאָ אַ וועלט פון גלוט און ברען,
אין טויזנט שלייער איינגעהילט.
איז ער געגאַנגען אין זיין וועג,
געבויט די שלעסער טורם־הויך;
ווי שיין צו זען פאַר זיך אַ ברעג
אין שלייער פון אַ דינעם רויך!
דער צויבער־חלום דאָרטן ווייט...
עס לאָקט און רופט דער איבערבייט.

## XLII

ס׳האָט עזרא קיינמאָל ניט געטראַכט
צי ער איז שיין — אַ פרויס באַגער.
ער האָט געוואוסט ס׳איז דאָ אַ פּראַכט,
איז דאָס די פרוי. און קיינזאַך מער.
ניט איינמאָל איז געבליבן שטיין
אַ פרוי פאַר אים, געטוליעט זיס
אין הייס באַגער. פון דעם דער מיין
געווען אים טונקל. יאָ, געוויס,
מיט יאָרן ווערן זאַכן קלאָר.
אַ פרוי אַנטפּלעקט אַמאָל אַ סוד.
און ווען געזילבערט איז זיין האָר,
ערשט מאַן דערוויסט זיך פון זיין גנאָד.
און וואָס פאַרלאָרן דורך דער צייט —
זכרונות אין די נעבלען ווייט.

## XLIII

געווען איז דאָס אויף דעם פאָנטאַן,
אויף דאַטשע מיט אַ נאָנטן פריינט.
אַ גימנאַזיסטקע איז ספּאָנטאַן
פאַר אים געשטאַנען און געשיינט.
זי האָט פאַרלאָזן איר קראָקעט,
די פריינדינס און דעם גימנאַזיסט,
די אויגן האָבן הייס גערעדט,
איר גאַנצער קערפּער האָט געגריסט.
און ער, ווי שטענדיק, שטום, פאַרשעמט,
שטייט הילפלאָז, ווייס ניט וואָס ס׳באַדייט.
די זון אין פּראַכט. דער ים פאַרקלעמט
קוקט צו. נאָר קיין געדולד די צייט.
אַ קרומער בליק, אַ ברוגז־קער,
געקאָרטשעט, קריק צום קאַוואַלער!

## XLIV

עס טרעפט: דו מעסט דעם טראָטואר,
פאַרזונקען אין דיין אייגן וועלט,
דו פילסט קיין פרייד, דו פילסט קיין צער,
דו ביסט פון טרוימען לייכט באַזעלט.
עס גייט דיין עלנט אין באַגלייט
אַהינטער דיר, צומאָל פאָרויס.
דו זעסט אים קוים. דו זוכסט באַשייד
אין אַלץ, וואָס שטראַלט צו דיר אַרויס.
אַ רייך געשאַנק אין חלל טיף.
און די געשטאַלט אַנטקעגן דיר...
צוויי אויגן בליקן — הימל־זיו.
דיין עלנט קוקט אַרויס דאָרט שיר.
אַ רגע בלייבט איר ביידע שטיין,
און ס'צאַפּלט האַרץ: „ניט מער אַליין".

## XLV

נו יאָ, דאָס האָט דאָך היינט פּאַסירט
מיט אונזער עזראַ'ן אויף אַ בריק.
מיט זיך אַליין האָט ער שפּאַצירט,
און פּלוצלונג שטעלט אים אָפּ אַ בליק!
צוויי פרויען־אויגן, פול מיט צער,
אַ רונדע ברוסט שטראָמט הויך מיט פרייד,
און שטומע ליפּן: „מאַן, דו האַר,
דיין קאָפּ איז בלאָנד, מיין שויס איז גרייט".
צוויי יונגע הערצער אין געפּאַנג,
פאַרבליפּט — און קיינער ניט פון אָרט.
אַן אייביקייט די רגע לאַנג,
און ביידן פעלט דאָס צויבער־וואָרט.
אַוועק די רגע. אַלץ פאַרשפּילט.
אין טרויער ער נאָך היינט געהילט.

XLVI

אַ פֿאַרפֿאַל קליין. און דאָך ווי גרויס.
אַ פּינטל־וואונד. קיין היילונג מער.
דו קוקסט צו הימלען ווייט אַרויס,
און שטראַלן שענקען דיר אַ טרער.
יאָ, טיף אין דיר לעבט אַ געשטאַלט,
דאָס וועזן פֿון אַן אויגנבליק,
דו שפּירסט דעם ברען פֿון דעם אַספֿאַלט,
און ווידער שטייסטו אויף דער בריק:
עס בליקן אויגן טיף און שוואַרץ...
עס מורמלען ליפּן שטום אין כאָר...
אַליין מיט עלנט צאַפּלט האַרץ —
דיין חלום און דיין אייביק וואָר.
אָ, יענע אויגן פֿול מיט צער!
די אויגן, אויגן... — „אַלטער נאַר”.

XLVII

מיט יעדן טאָג די שטאָט מער נאָנט,
אינטימער ווערט אים גאַס און שטיין;
און וואָס אין אים געשטראַלט, געמאָנט,
געוואוסט מיין עזרא דאָך אַליין.
ער האָט פֿון ליבע ניט געטראַכט,
פֿאַרליבט איז ער גאָר טיף געווען:
די מוזע האָט אין שטילער נאַכט
געלאָקט אים אָפֿט מיט כישוף־ברען.
אָט צינט זי הימל מיט אַ בליץ,
מיט דונער שפּאַלט זי באַרג צום טאָל...
דו נעם אַ טאָוול און פֿאַרקריץ:
„אין מיר אַליין הערסטו דיין קול.
און ווען דעם וועג האָסטו באַשטימט,
מיט מיר אַליין ווערסטו גערימט”.

XLVIII

פון שטעטל האָט מיין טרוימער־העלד
אַן אוצר לידער מיטגעבראַכט.
קאָן ער עס צייגן פריינט און וועלט,
פון קיינעם ווערן אויסגעלאַכט ?
ער ווייס, אַן אומרו טיף אין אים
פון קינדעריאָרן שפּילט און זידט.
ער האָט געשפּירט, עס איז די שטים
פון יענעם ציטער — זיין געמיט.
נו, איז געוואַקסן פערז און שיר
אין יאַמב, כאָרעי און אַמפיבראַך.
נאָר דיכטונג זוכט אַן אָפן טיר
צו מענטש אַרויס. ווען ניט איז שמאַך.
ער גייט צום זיידן. מוז אים זען.
ער צייגט די פּרוכט אים פון זיין פען.

XLIX

עס האָט מיין עזרא לאַנג געגאַרט
פון אידיש וואָרט צו זען די קרוין.
ער טראָגט געפילן הייס און צאַרט,
וועט זיידנס ברכה זיין דער לוין ?
דער זיידע, זיידע — אָט דער ריז,
מיט חכמה אין זיין יעדער צייל,
האָט ער פאַר אים אַ טרייסט ?... אַ שפּיז ?...
פאַרלאָרן מי ?... אומזיסט די אייל ?...
אויף פליגלען שוועבט אַ מוזע־קינד
צום שטרענגען ריכטער. שוין ביים טיר.
אין בוזעם טראָגט ער זיינע „זינד",
חרוזים אויף גאָר צאַרט פּאַפּיר.
און אויב אין קאָפּ האָט גלוט געבריט,
קיין וואַקל דאָך אין זיינע טריט.

L

איין טרעפ אַרויף צום זיידן פירט,
פאַרלייגנ אַ ברייטן קאָרידאָר.
ער קלינגט. ער האָרכט. יאָ, טריט ער שפירט.
ער פילט עס דראָטן זיך די האָר
אין קאָפ... ער קומט... ווי לייכט דער גאַנג...
איז דאָס דער זיידע... טאַקע ע ר?...
ער הערט פון שליסל דאָס געזאַנג —
און אָט די באָבע... גרוס איז שווער.
ניין, אַבראַמאָוויטש, גאַספּאַדין,
ניטאָ אין הויז. „וואָס דאַרף דער גאַסט?"
פרעגט מילד די פרוי. ער קוקט אַהין...
קיין שאָטן דאָרט... געדאַרפט... קיין האַסט...
ער קומט אַן אַנדערס מאָל. אַ דאַנק.
און ס'שפרייזט מיין העלד די גאַסן לאַנג.

LI

האָט עזרא זיך געשטעלט צום ציל
דעם זיידן זען, מעג זיין וואָס ס'איז.
פאַר אים דאָס אַלץ געפליגלט שפיל,
יאָ, טויטער ערנסט. קיין קאַפּריז.
קיין אָפּשטעל ניט אין מיטן וועג!
פאַרטראַכט אַ פּלאַן — אַדורכגעפירט.
יאָ, שפרייזן פעסט צום וויטן ברעג
איז שיקזאַל זיינס, ווען אויך געאירט.
שטאַרק שעמעוודיק פון דער נאַטור,
איז דרייסט געווען דאָך אָפט מיין העלד
אין באַנען זיך זיין לעבנשפור,
קיין דאָרן בייז דעם וועג פאַרשטעלט!
ער ציט דאָס גלעקל. האָרכט און וואַרט:
קומט זיידע?... ווידער ער גענאַרט?...

## LII

די טיר איז אָפן — באָבע שטייט.
יאָ, באַלד נאָך איר זיין מאַיעסטעט
דער זיידע. פאַרנעם. יראה ווייט
פון זיין פיגור. אין הינערפלעט
דער בחור פאַלט דאָ שיר אַוועק.
און נענטער קומט דער זיידע —ער ?!...
ס'פעלט לשון עזרא'ן. פלאַם און שרעק.
„נו, וואָס איז יונגענמאַנס באַגער ?"
דער זיידע פרעגט. ער ווי פון שלאָף :
„געוואָלט... יאָ, לידער... ניט קיין סך..."
„ס'האָט צייט. די וועלט האַלט ניט ביים סוף",
זאָגט זיידע, און מיט האַנט אַ מאַך.
יאָ, פאָטערלעך איז דער אַדיע,
און עזרא פילט — אויטאָדאַפע !

## LIII

די אויפנאַם האָט קוים איין מינוט
געדויערט. יאָ, אין קאָרידאָר.
און עזרא גייט. עס שפּילט דאָס בלוט
אין אים. די סטרונעס — זיינע האָר.
עס איז די זכיה זיכער גרויס
צו זען דעם זיידן אַזוי נאָנט.
און ווען אין גאַס איז ער אַרויס,
אין וויטן חלל צוקט וואָס, מאָנט...
אין אומרו טונקלט דער פּאָעט,
די לידער אַלץ ביי אים פאַרשטעקט.
יאָ, ניט געלויבט און ניט פאַרשפּעט,
צו שאַפן־זיין אַלץ מער גערעגט.
ס'איז טייער אים אָט דער מאָמענט —
אַ פונק אין בליץ... זיין עלעמענט.

LIV

ס׳האָט עזרא פּייעריק געפּילט
אַז דורכפאַל איז ניט לעצטער ברעג.
אַנטוישונג שנעל ווערט אָפּגעקילט,
שוין זוכסטו פּונקט אויף נייעם שטעג.
יאָ, ניט־דערגרייכונג איז אַ שטראַל,
וואָס לויכט דיר ווייטער צו דיין ציל.
עס טאָר דיין גאַנג קיין כף־הקל
ניט זען פאַר זיך ווען שטרויכלונג פיל.
האָט שיקזאַל איינמאָל דיר באַשערט
צו שפּינען וועלט אין אייגן פלאַם,
זע, פייער ווערט אין שפּיל געמערט,
וואָס קען ניט דערנער, ווייס קיין צאַם.
מיט פלאַם זיי, קינד, דאָך אָפּגעהיט,
פאַרצער אים ניט אין דיין געמיט.

LV

אָדעס — דאָס וויגל פון אַ רעיון:
נאָך ציון קערט דער איד צוריק.
ער וועט זיין לעבן דאָרט באַנייען,
מיטן עבר פעסט געבויט אַ בריק.
אַליינבאַפרייאונג איז דער שטעמפּל,
ס׳האָט לעאָ פּינסקער אים געקריצט.
און ווידער טורמט הויך אַ טעמפּל
אויף הר מוריה — תורה בליצט.
דער רעיון וואָרצל האָט געשלאָגן
אין חיבת ציון און ביל״ו,
ס׳האָט הערצל ווייטער אים געטראָגן:
אַ טשאַרטער פאַר דעם אידנס רו.
אָט דאָ ביים ברעג פון שוואַרצן ים
דער רעיון גליט גאָר הויך אין פלאַם.

## LVI

ס׳האָט עזרא היינט אין בלויע אויגן
געזען דעם פּלאַם גאָר הייס אין גלות.
און ווערטער בליציקע געפלויגן
פון רבינ׳ס מויל. די שכינה רוט
אויף אָט דעם שיינעם הדרת פּנים.
עס זיצט אַ תנא. ס׳ווייסע באָרד
אַ פעסטונג קעגן יעקב׳ס שונאים.
אַ פייל, אַ שפּיז זיין יעדעס וואָרט:
ס׳וועט לעבן אייביק אונזער קיום,
יאָ, חיבת ציון איז די קראַפט.
וואָס מער קאָלאָניעס! תורה־סיום
איז פּרי הארץ — אונזער זאַפט.
אַזוי געבליצט האָט ליליענבלום, —
אין עזרא׳ן ברויזט, נאָר ליפּן שטום.

## LVII

ווען ס׳רעדט אַ רבי וועלן שווייגן
תלמידים מיט גאָר גרויס רעספּעקט;
ס׳איז גוט מיט אים אויף הרים שטייגן
און זען דעם הימל אומבאַפלעקט.
יאָ, דאָרטן ווייטער שיינט אַ שטערן,
דו קענסט די אותיות — ציון שטראַלט.
אין אַקער אידן. כרמים מערן.
דער הר הכרמל יובלט, שאַלט.
דו ביסט פון רוף גאָר טיף באַנומען,
ער לויכט אַרויס פון רבינ׳ס בליק.
אין יראה־פורכט ביסטו געקומען,
און אָנגעלאָדן גייסטו קריק:
דו טראָגסט דעם נצח העל אין דיר —
ס׳האָט משה לייב געזאָגט אַ שיעור.

## LVIII

פאַרנאַכט אַ שבת. טונקל חדר.
עס זיצט דער רבי אָנגעשפּאַרט.
עס ליגן ספרים אָן אַ סדר.
תּלמידים צוויי. דער רבי וואַרט.
מיין עזרא איז אַהער געקומען
זיין חבר פּנחס אין באַגלייט.
עס קלאַפּט דאָס האַרץ: צו ליליענבלומען
בחורים צוויי נאָך וועלטבאַשייד.
נאָר אָט דער אייביק יונגער מורה
וויל הערן וואָס נעורים טראַכט;
געוויס, ער האָט פאַר זיי נאָך תּורה,
נאָר יוגנט איז זיין קוואַל, זיין פּראַכט.
אַ וואָרט, אַ רמז, שלאָגט דעם טאָן,
און חכמה קוועלט פון אייבנאָן.

## LIX

און לאַנג געשפּרודלט האָט אַ מעין
מיט חיבה, חקירה און מיט פּשט:
ס'איז דאָ איין לבוש פאַר דעם רעיון,
און דאָס איז כיבוש, קרבן, טאַט.
געוויס, אַ טשאַרטער איז אַן עניין,
אַ מרכז רוחני — שיין און פיין;
נאָר ס'טאָר ניט וואַרטן אונזער בנין,
מיט לייב און האַרץ דאָרט באַלד אַריין!
דאָס פאָלק אין גלות איז דערשלאָגן,
די גאולה זעט זיך נאָנט און ווייט.
און וואָס אין כחות מיר פאַרמאָגן
טאָר מען ניט שפּאַלטן אין אַ שטרייט.
ס'וויס חיבת ציון נאָר איין וואָרט:
מיר בויען, בויען אויף אַן אָרט.

## LX

יאָ, פּנחס איז אָט דאָ געזעסן,
פֿאַרפּרעסט די ליפּן. האָרכט און בליקט.
האָט ער געשפּירט, האָט ער פֿאַרגעסן,
אַז עפּעס ווערט אים דאָ צעפּליקט?
און ווען די צוויי אַרויס אין דרויסן,
געשטעלט אַ פּוס אויף טראָטואַר,
זאָגט פּנחס: „וואָס איז ער דאָרט אויסן?...״
און ס'קוקט פֿון אים אַרויס אַ צער.
דער מרכז שנעל אַזוי צעפּלאָסן
פֿון רבינ'ס וואָרט, זיין הייסן הויך;
אַ נייע זון האָט זיך צעגאָסן,
די אַלטע איז אַוועק מיט רויך.
„נו, וואָס דאָ זיצן?... מוטער וואָרט...״
און קוים די פּיס אויף שטיין ער שאַרט.

## LXI

עס פּלאַקערט פּנחס. נייער פּלאַם:
ער פֿאָרט נאָך ציון באַלד אַוועק.
דער כותל מער קיין טרערן־ים,
אַ לעבן ניי אויף פֿינטל־ברעג,
וואו גאָט פֿאַרשניטן האָט אַ בונד
מיט פֿאָלק ישראל אויף אייביק צייט,
און ס'בלוטיקט טיף די אַלטע וואונד
וואָס איד פֿאַרטריבן איז גאָר ווייט
פֿון אייגן היים. ער פֿאָרט צום לאַנד
פֿון די נביאים, וואו דאָס שווערד
צום אַקער איז פֿאַרזאָגט. אַ שאַנד
וואָס בלוט איז שפּייז נאָך פֿאַר דער ערד.
אין אַקער שפּאַנט ער באַלד זיך איין —
און יעקב'ס געלט אין העלן שיין.

## LXII

אַ מוסטער ציון ווידער ווערט,
מיט אַרבעט, תורה אין יסוד.
ישראל׳ס זון לייכט אומגעשטערט
ווען ס׳לעבט דאָס פאָלק אויף אייגן גנאָד.
אין אָט דעם לאַנד, וואו זיך אַנטפּלעקט
האָט גאָט צום אב פון אונזער שטאַם,
פיל אוצרות ליכט געוויס פאַרשטעקט;
זיי גייען אויף אין כישוף־פלאַם,
באַלויכטן יונג די מידע וועלט.
אַ נייע ביבל ?... טאַקע יאָ.
ס׳האָט מענטש די אַלטע דאָך פאַרפעלט.
געוויס, געשלאָגן האָט די שעה:
אַ אידנשטאַט סאָציאַל גערעכט,
לויט מאַרקס — קיין קלאַסן אין געפעכט.

## LXIII

עס האָט מיין העלד גאָר גוט געוואוסט,
אַז פּנחס טרוימט אַ נייעם טרוים.
עס שלאָגטביים פריינט אַ פלאַמיק ברוסט,
פאַר אידעאַלן ברייט דער רוים.
ביי אים אַ חלום — שוין אַ טאַט,
אַ פלאַם־געדאַנק — שוין וואָס דערפילט;
פון בליץ אַליין איז ער שוין זאַט
נאָך איידער דונער איז געשטילט.
ער איז אין ציון שוין געווען
פון ליליענבלום אַ טריט אַרויס...
עס האָט געפלאַמט דער נייער ברען
אַ רגע. ביז צו עזרא׳ס הויז.
אויף מאָרגן פּנחס איז פאַרכאַפּט:
אַ דאָסטאָיעווסקי ער דערטאַפּט.

### LXIV

אַ חדר קליין. ניט מער אַ שפּאַן.
אַ בעטל, טישל, און אַ שטול.
געבויגן זיצט אַ יונגערמאַן,
און שוין דער שטח איז פאַרפול.
ווען פּנחס האָט אַהער געבראַכט
זיין נייעם פריינט, מיין שטילן העלד,
איז דאָסטאָיעווסקי טיף פאַרטראַכט
געזעסן. טונקל דאָס געצעלט.
ער האָט געשאַפן. אויף דעם טיש
פיל בלעטלעך ליגן ווייט צעשפּרייט.
און יונה ראָזענפעלד, גאָר פריש,
די געסט צו לעזן איז באַלד גרייט
זיין לעצטע זאַך, אַ קליינע סקיץ.
ער ווייזט אויף בעט: „נו, נעמט אַ זיץ."

### LXV

אין ענגשאַפט זיצןביידע געסט.
אין אַרבל פּנחס הענט פאַרשטעקט.
די אויגן פלאַמען. מויל פאַרפּרעסט.
אין גאַנצן אויער. אָט באַלעקט
ער זיך מיט צונג און ליפּ. אַנטציקט
צוקט אויף אַן אַקסל. באַלד אַן „אוף!"
קומט מיט עקסטאַז. יאָ, שיר צעפּליקט
ער אַרבל. ס'קאָרטשעט זיך זיין גוף
אַלץ קלענער, טיפער. שענקט קיין בליק
ניט זיין באַגלייטער. דאָ טאַלאַנט
וואָס ער אַנטדעקט. ער זעט די בריק
צו דאָסטאָיעווסקי. ביי דעם ראַנד
פון קליינעם טישל. איבעריק רייד.
אַ גרויס געווינס. די פרייד, די פרייד!

LXVI

עס זאָגט אַ מיינונג אויף דער גאַסט:
ס׳געפעלט אים שטאַרק אָט די נאָוועל.
טיף פסיכאָלאָגיש אויפגעפאַסט,
ער האָט אַן אויג פאַר סביבה, זעל.
דער יונגער טאָקער צייגט טאַלאַנט,
קיין צווייפל אַז פון גרויסען שניט,
גאָר גיך דאַרף ווערן ער באַקאַנט,
ווען שווער אויף זיינע ערשטע שריט.
ניין, דאָסטאָיעווסקין האָט מיין העלד
ביים לויבן יונה׳ן ניט דערמאָנט;
אַז וואָס צום גרויסן רוס אים פעלט
האָט עזרא טיף אין זיך געאָנט.
די פרייד דאָך אַלגעמיין געווען
דאָס פעלד אין בליען מער צו זען.

LXVII

ווי שיין דער זומער אין זיין שפיל
אויף ברעג פון צויבער־כאַדזשיביי!
די לופט אין קלאַנגען. זיידנשטיל
הערט זיך דיין טראָט. אין מוזעגוויי
ביסטו ניט איינער. נאָך אַ פריינט
ביים זייט אין טרוימען איינגעהילט.
די גאַנצע וועלט פאַר׳חלומ׳ט היינט!
דיין ברוסט איז אָפן. איבערפילט
ביסטו מיט פרייד. ווי גוט איז גאָט!
מתנות רייך צעזייט אויף ערד.
דו צערטלסט דיינע. פריינט אין טראָט
נאָך איינע היט. אַזוי באַשערט.
אויב ניט דערהערט פאַרבלייבט ווער שטום,
זאָל דער סאָנעט אים זיין אַ בלום.

LXVIII

אין אַלעקסאַנדער פּאַרק די צוויי
שפּאַצירן. צוקונפט די מוזיק.
אַקאַציעס האָרכן אין אַליי.
און זע, סורפּריז. אַ וואַרעם בליק
פון אויגן שוואַרצע. יאָ, באַקאַנט:
דאָס מיידל, וועמעס אַ נאָוועל
נאָר וואָס געדרוקט. איר פריש טאַלאַנט
גערימט. די אָנערקענונג שנעל
געקומען צו אַן אָרעם קינד,
וואָס זיך פון נייען האָט דערנערט.
דער גרוס איז הייס. און גאָר געשווינט
די דריי מאָראָזשענע פאַרצערט.
די פּאָרציעס רייך. זי צאָלט דערפאַר
אויף חשבון פון איר האָנאָראַר.

LXIX

אָנפאַנגער דריי. נאָר גאָרניט גלייך
איז זייער שיקזאַל. שוין געדרוקט
איז איינער — זי. מיט האָפנונג רייך
די אַנדערע צוויי. מיין עזרא קוקט
מיט זיכערקייט צום ים אַרויס...
אַזוי פיל בשורות אין זיין שפּראַך!
אַזוי פיל סודות אין זיין שויס!
ער האָט אַ וואָרט, אַ וויץ, אַ לאַך:
הנאה פון איר ערשטלינג־ווערק —
ס׳מאָראָזשענע איז גאַנץ געשמאַק...
„איר זייט אַ טייוול, יאָ, אַ טערק״,
זאָגט זי און ס׳רויטלט זיך איר באַק.
אַזוי די דריי פאַרבראַכט ביז שפּעט,
פון ווינט, פון ים, פון נאַכט געגלעט.

## LXX

אין יענע טעג פון יוגנט־בלי,
ווען פייריק לאָקט דאָס ווייטע לאַנד,
ווען דו ביסט גרייט אין כישוף־פלי
די שטערן כאַפּן מיט דער האַנט;
ווען אַלץ איז ווייט און אַלץ איז נאָנט,
גאָטס סודות אַלע אין דיין ברוסט,
ווען ס'טונקלט, שמייכלט האָריזאָנט,
אין נעבל־שטראַלן וואָס דו טוסט;
ווען לעבנס־קאַמף ברענט ביי דער טיר,
די קוילן ווערן הויך געשאַרט,
און פינגער שמערצן אין באַריר,
באַריר איז אַלץ וואָס דו געגאַרט, —
פילסטו, אַז וועלט אַרום איז דיין,
באַריר, באַריר, און זיס די פּיין.

## LXXI

די סטרונעס — וואו ? אין ווינט ? אין זעל ?
אין מענטש ביים זייט ? אין טראָט פון פרוי ?
אין קול פון נאַכט ? אין מאָרגנהעל ?
אין פאַלד פון בלום ? אין טראָפּן טוי,
וואָס פינקלט ווי אַ טרער אויף בלאַט ?
אין פליגלפלאַטער — דיין פאַרמעסט ?
אין גרינעם פעלד — זיין אַראָמאַט ?
דאָס טוליען קעפּלעך אין אַ נעסט ?
צי גאָר אין שפרונג פון ציטער־האָז
ווען לייב אין צאָרן שאָלט זיין ברום ?
דאָס קאָרטשען זיך פון שטילן גראָז
ווען לעמפּערט הויערט רוצחיש־שטום ?
אין נאָנטן בליק, אין ווייטן טראָט,
אין אַלץ, אין אַלץ, וואָס ציטער האָט.

## LXXII

ס׳האָט עזרא היינט אַ נאָנטן בליק
געזען, דאָס ציטער אין באַגלייט.
אַט יענער פונק, וואָס זאָגט אָן גליק,
און מאָנט באַרירונג אין באַשייד.
עס גליען אויגן: — קוש מיין פּלאַם . . .
אַ קערפּער טוליעט זיך — אַ בלאַט;
אַליין ביסטו פאַרלאָרן לאַם
ווען זי דערוואַרט דיין העלדנטאַט.
געוועזן מיין העלד איז איבערפילט
מיט פלאַם־אַקאָרדן פאַר אַ וועלט,
ער וואָלט דעם ים איצט איינגעשטילט,
נאָר ניט דאָס האַרץ, וואָס דאָ געקוועלט.
אַ גרויסער חלום רעדוצירט —
די סטרונע בלייבט נאָך אומבאַרירט.

## LXXIII

דאָס מיידל זיצט און האָרכט — אַ קינד.
מיין עזרא גיט אוראַקן איר.
דער ליבע־פלאַם האָט גאָר געשווינט
זיך אָנגעצונדן אָן באַריר.
איר נאָמען? — ניין. צו וואָס? . . . קיין ציל.
שטום בלייבט איר טרויער. קיין ראָמאַן
שרייב איך ניט דאָ אין גוטן סטיל.
אַזוי געלאָפן איז די באַן
פון עזרא. דאָ און דאָרט אַ שטער.
געקנאָטן ער ניט פון דעם שטאָף,
וואָס צינדט טראַגעדיע מיט זיין קער.
פאַר איר — אַ חלום אין אַ שלאָף.
ניט ער אָניעגין, ווייסט איר גוט,
טאַטיאַנאַ זי אויך ניט אין בלוט.

LXXIV

ער האָט זיין צייט אין פּוסט און פּאַס
אויף די בולוואַרן ניט פאַרבראַכט,
כאָטש אָפט געמאָסטן גאַס נאָך גאַס,
נאָך ווייטע וועלטן טיף פאַרטראַכט.
קיין לאַנגווייל־געגעץ אין זיין ברוסט,
קיין דענדי און קיין קאַוואַליר;
אַ אידיש קינד, צום וויסן לוסט,
מיט ריגל, שלאָס, ביי יעדער טיר.
נאָר רייך דער חלל. פול מיט קלאַנג.
און אַלץ וואָס וווייט, לאָקט מעכטיק צו.
אין ליבע־שטורם ביסטו זאַנג,
בראשית־קראַפט אַליין אין רו.
אין יענע טעג פון רויש און פלי
צו זיין אַ זאַנג געווען נאָך פרי.

LXXV

אַ העלדין זי געקאָנט דאָ זיין
ווען כ'האָב אין זינען אַ ראָמאַן.
פאַרליבט, אַנטוישונג, שמערץ און פּיין —
אויף אָן דועל אַ גוטער פּלאַן.
אַ אידיש מיידל, הויז ניט רייך,
קיין אָם פאַר ווענען זיין פאַרטרויט.
אַ פּרויעַנהאַרץ — יאָ, אַלע גלייך —
צום לעבן שלאָגט און ניט צום טויט.
קיין אויסגוס־בריף. יאָ, אומגעהיילט
פאַרבלייבט אַ וואונד. ער — ניט געהאַסט.
טאַטיאַנאַס שיקזאַל זי געטיילט:
מיט אַלטן מאַן זיך באַלד פאַר'קנס'ט.
צוויי ווייטע זעלן, נאָנט אין צער,
דורך הונדערט יאָר אויף איין אַלטאַר.

LXXVI

דער דרויסן האָט זיין פולע מאַכט
אויף עזראן שטאַרק נאָך אויסגעאיבט.
אָדעס האָט ווינקלען צויבערפראַכט,
אין וואָס מיין העלד איז טיף פאַרליבט.
האָט ער געקאָנט אַזוי אָן ציל
אין שעה פון אומרו שטעלן טריט,
זיך שפּילן מיט די פאַרבן פיל,
וואָס אין דער לופטן זיך צעבליט.
אַ הויז, אַ פּאַרק, אַ מאָנומענט
פיל סודות ווייטע דיר אַנטפלעקט,
דו שעפּסט זיי טיף אין דיינע הענט,
דער טאָג פאַר דיר איז היינט פערפעקט.
און ווען דיין אומרו איז געשטילט —
אַ טאָג אַזאַ זיך אָפּגעשפּילט.

LXXVII

פּאַסאַזש! דער נאָמען שוין באַהעלט
אַ דורכגייער מיט שטאָלץ און פרייד.
ניט איינמאָל דאָ אַ פוס געשטעלט
מיין עזרא. צויבער רייך זיך שפּרייט.
די פּראַכט־געביידע איז דער רום,
וואָס שענקט דער שטאָט אַ כישוף־וואָרט.
דער דורכגאַנג שפּיגלט: „קום, גאַסט, קום!“
אין טויזנט פאַרבן לויכט דער אָרט.
די פענצטער לאָקן מיט אַ גלאַנץ
פון סחורות, בלומען, צירונג, ציר.
דער דאַך פון גלאָז אַ הימלקראַנץ.
און זע אַ פּנים — כאָטש קראַפּיר!
אַ הוט־געשעפט. אַ פרוי־געשטאַלט.
דו ביסט געפאַנגען. פאַרהאַנג פאַלט.

LXXVIII

עס איז אַן עוולה, כ'מוז געשטיין,
צו לאָזן פאַרהאַנג פאַלן דאָ.
פּאַסאַזש און פאַרהאַנג! ניין, פריינט, ניין.
האָט הימל ברעג און ים אַ דנאָ?
אַ רגע קריק: די שיינע פרוי
אַ גריכין פון דער געטער־וועלט.
דער אַרכיטעקט האָט אין געבוי
זי זיכער דאָ אַריינגעשטעלט.
אַ געטין שטייט און קוקט אַרויס
מיט גאָלדן קאָפּ פון צווישן היט,
לאַזור די אויגן, וועלטנגרויס,
דו ביסט צום אָרט שוין צוגעשמידט.
זי זעט דיך ניט, זי קוקט אין ווייט —
אַ געטין האָט פאַר דיר קיין צייט.

LXXIX

אַ טריט אַרויס פון דעם פּאַסאַזש —
די דעראָבאַסאָווסקאַיאַ שיינט.
עס איז קיין חרפּה, קיין בלאַמאַזש,
שפּאַצירן דאָ אַליין, מיט פריינט,
מיט שוואַרצן ברויט אַ שטיק אין האַנט,
וואָס ביי פיליפּאָוון געקויפט.
דו ביסט אין מאָדע, עלעגאַנט.
די סליונע פון הנאה לויפט
ניט נאָר ביי דיר. ס'איז הויכער טאָן.
אַ צווייטער עסט אַ פּיראָזשאָק,
די דאַמע קייט מער קיין באָנבאָן,
דער קאַוואַליר דרייט פלינק זיין שטאָק.
דער שיינער גאָרטן דאָ דערביי,
מוזיק — מאָראָזשענע דאַוואַי!

LXXX

אָדעסער גאַסן ווייט און ברייט —
ווער האָט געציילט אָט יענע טעג
ווען דו שפּאַצירסט מיט בליקן גרייט
פאַר אַלץ, צי זיך, צי גאָר קיין צוועק ? !
דער לימוד טרוקן. ס,האָט מיין העלד
צו זוברעווען גאָר וועניק לוסט ;
באַהערשט פון טרוימען אייגן וועלט,
פאַר די אוטשעבניקעס קיין גוסט.
ס'האָט אויג מיט בוך אַ קאַמף געפירט
אין עזראַ'ן פון זיין יינגסטער פרי,
האָט ער אין זון די וועלט שטודירט,
ביינאַכט אין בוך מיט פלאַם און ברי.
פאַנגט טאָג זיך אָן צי פרי, צי שפּעט —
אַמאָל עקסטערן, אַמאָל פּאָעט.

LXXXI

יאָ, היינט גאָר שטאַרק איז דער באַגער
אין עזרא : שאַפן ווערטן גרויס.
די וועלט פון קונסט געוויס ניט לער —
וואָס זאָל ער זייען אין איר שויס ?
עס שרעקט אים ניט וואָס פעלדער רייך
פאַרזייט האָט ווער אין ליכט פון גאָט.
ער הערט אַ שטים : „יאָ, אַלע גלייך
בצלם... יעדער קאָן אין גנאָד
פון בורא זיין צום העכסטן שפּיץ
דערוויילט. קיין וועג פאַרשטעלט.״
אַזוי גאָר אָפט האָט שאַרף אַ בליץ
געטאָן אין זיין געמיט. באַזעלט,
נעמט ער די פעדער. ס'שפּראָצט אַ ליד.
אין ווייטע וועלטן דיכטער פליט.

LXXXII

ער האָט זיין דיכטונג נאָנטע פריינט
צו צייגן נאָך קיין טריב געהאַט ;
אַ שטילע בושה האָט געשיינט
אין אים ביים שריט פון יעדער טאַט.
ס'איז יצירה שוין אַ בושה־סוד
געוועזן ביי בראשית. יאָ, כי טוב.
פון אפס פלאַמט אַרויס אַ ראָד
און מאָלט אַריין אין דעם אין־סוף.
און באַלד דער בורא שטייט פאַרשעמט
מיט זיין פאַרמעסט — יאָ, אונזער וועלט.
דער סוד נאָך טיפער זיך פאַרקלעמט,
די העכסטע שאַפונג האָט פאַרפעלט.
אין מבול תיקון גאָט פאַרקלערט,
אין בושה זאַפּטיקט זיך די ערד.

LXXXIII

עס שטרעבט די פרוכט צו זון אַרויס,
צום זין פון זיין, מיט כרוב־געזיכט ;
צום פלאַטער שפרייט זי פליגל אויס
און צוקט אַ רגע אין איר פליכט.
דער רוים איז ברייט. דער הימל הויך.
און טיף רקיע זויגט דעם סוד.
עס וויל קיין פלי אויפגיין אין רויך
ווען רוים דורך בושה פלאַמט אין ראָד.
יאָ, דאָרטן ווייט אַ פייער לאָקט,
געזיכטער, נעמען — יראה שטראַלט.
און ווען דער מאָרגן האָט געטאָגט,
אַ פונק פון דיר אויך דאָרטן פאַלט.
ווי ווייט דער מאָרגן ? וואו די האַנט,
וואָס פירט דיך אין געבאָטן לאַנד ?

LXXXIV

דאָס לאַנד, וואו דיכטער זיך אַנטפּלעקט
אין אייגן פּלאַם — זיין זעל דער וועלט;
אין טריב פון ווערן הענט געשטרעקט
צום קלאַנג פון פייער — בראשית קוועלט.
נו יאָ, געוויס. אַ שטערן גרויס
קאָן הילפיק לויכטן דיר דעם וועג,
דיך פירן צו דעם לאַנד אַרויס,
וואו קיינער נאָך דערזען דעם ברעג.
דאָס לאַנד יצירה. דאָרטן יאָ.
אַהין זיין גורל. זעט אים קלאָר.
וואו וועלטן גאַנצע אין אַ שעה —
וואו חלום אייביק איז די וואָר.
יאָ, היינט דער דיכטער האָט דאָס וואָרט,
אַ חלום־פּלאַטער אָפּגעשפּאָרט.

## דאָס ליד פון די הימאַלאַיען

1.

אונטער הימל, בין השמשות,
ווייסע וואָלקנדלעך פאַרשפּרייט;
צאַרטע שעפּעלעך זיך שיפן
נענטער צו דעם ים וואָס רויט.
און אַ ציטער, טיף אין עכאָ,
פון די הויכן צו מיין שטעג:

— אויף די בערג פון די הימאַלאַיען
שוועבט די אייביקייט אַוועק.

2.

היינט אַ קינד דאָ־וואו געבאָרן,
נאָך אַ סוד אין פּלאָנטער־נעץ.
און ער איז שוין אויסגעוואַקסן,

זוכט אַ פּשר פאַר דעם קץ.
שאַלט אַ שטים פון ווייטע טיפן
דורך די נעכט און דורך די טעג:

— אויף די בערג פון די הימאַלאַיען
שוועבט די אייביקייט אַוועק.

3.
זע, אַ מאַן גייט אום געאַרעמט,
ליבסטע צו זיין זייט געדריקט,
כרובים ציען זיך אין שנורן —
און אַ שנור איז שוין צעפליקט.
שניידט דעם חלל דורך אַ זמר,
קלאַנגען שלענגלען זיך צום וועג:

— אויף די בערג פון די הימאַלאַיען
שוועבט די אייביקייט אַוועק.

4.
ווען אויך אייביק איז געבונדן
פרייד מיט ליבע, האָף מיט גרוס,
ווען דאָס אַלץ ווערט דיר געגעבן
ניט אויף באַרג, נאָר אין רשות, —
שטענדיק פון די הויכע שפּיצן
דרינגט אין נאָכקלאַנג צו דיין ברעג:

— אויף די בערג פון די הימאַלאַיען
שוועבט די אייביקייט אַוועק.

5.
טראָגט דיך פליען אים אין נאָכשפּור,
זיך פאַרלירן אין דער ווייט, —
זע, דו ביסט אין ווייסן וואָלקן
צווישן שעפעלעך אין זייד.

און אַ כאָר פון ווייטע הימלען
שפּאַלט אַ שעפּעלע — אַ פּלעק:

— אויף די בערג פון די הימאַלאַיען
שוועבט די אייביקייט אַוועק.

.6

זינגט דער דיכטער. פריי זיין ווילן.
יוגנט אייביק דער מאָטיוו:
מיט די כוואַליעס דרייסט זיך שפּילן,
מיטן בלוי אין הימל־זיו.
אַלע ימ׳ען אויסגעמאָסטן,
קיינע זעגלען ציסטו איין,
נאָר איין סטרונע וויל ניט ראָסטן,
און איין ניגון שטומט ניט איין:

— אויף די בערג פון די הימאַלאַיען
שוועבט די אייביקייט אַוועק.

LXXXV

די גאַס איז שוין געשיכטע היינט,
מיט הויז, וואָס טראָגט דעם נומער ניין.
צוויי שטערן האָבן דאָרט געשיינט,
געלאָקט די יוגנט: „קומט אַריין!"
ראַבניצקי־ביאַליק איז דער שם,
אַ זיווג וואָס פון גאָט געפּאָרט:
אַליין דער דיכטער איז אין קלעם,
דער רבי האָט אין אַלץ דאָס וואָרט.
עס פלאַמט משורר — אַ וואולקאַן,
עס פלעסקעט לייכט אַ שטילער טייך,
און דאָ ביים ברעג פאַרהאַלט די באַן
פון אויסגוס — בליט דער גאָרטן רייך.
דער אַראָמאַט גאָר וויט זיך שפּרייט...
על־סף ניט איינער שטייט שוין גרייט.

LXXXVI

צום גאָרטן דרייסט מיין עזרא שפּאַנט,
מיט אייגן פּרוכט, נאָר וואָס פון בוים;
דאָרט וואַרט געוויס אַ צאַרטע האַנט,
און צייטיק איז די פּרוכט נאָך קוים.
ראַבניצקי איז די ערשטע טיר,
די אויפנאַם וואַרעם, פּאָטערליך;
און שוין ער לעזט פון אים אַ שיר,
פאַרשלינגט די שטראָפן בליציק־גיך.
דער אָפּרוף — גוט. געוויס, טאַלענט.
ס׳איז דרוקבאַר. ס׳קאָן קיין פראַגע זיין.
די פרייד איז גרויס. יאָ, אָנערקענט
האָט אים אַ רבי. הערלעך, פיין!
פאַרשעמטער בליק דריקט אויס אַ דאַנק —
און פול מיין עזרא מיט געזאַנג.

LXXXVII

אויך ביאַליקס טיר איז ניט פאַרמאַכט
פאַר קיינעם. קלאַפּט מיין העלד דאָ אָן.
אין בוזעם עפּעס מיטגעבראַכט,
און דיכטער גראָד איז שטאַרק פאַרטאָן.
דער חדר טונקל. ווי פאַר שייך
די מוזע זיינע בושת׳דיק.
ער בעט דעם גאַסט צו זיך אַריין,
פאַר׳חלומ׳ט־פלאַמיק איז זיין בליק.
מיין עזרא מורמלט: „ליד... נאָוועל...״
און ער: „לאָזט איבער.״ טיק און טאַק
גייט ס׳האַרץ. און ווידער ערביים שוועל
פון גרויסן שופט: וואָס דער פּסק?...
דער ענטפער איז אי יאָ, אי ניין...
אין דרויסן — הימל אַזוי ריין!

LXXXVIII

אויף אַט דעם ברעג, וואו אידעאַל
פון קאַמף געשטורמט הימל־הויך
פאַר רוסלאַנדס פרייהייט — יענער קוואַל,
וואָס לויכט אַרויס אַ לעבנס־תוך,
אויף וועגן אָנגעצייכנט שאַרף,
דער האָריזאָנט אין גלוט און פלאַם, —
אַט דאָ האָט זיך אַ וואָרט, אַ האַרף
פון שפּראַך דערהערט. עס שפּילט דער ים —
אָדעס. אַ קינד פון דרום מילד,
מיט הויך פון רוים, אייראָפּע, וועלט.
אַ סטרונע ניי. די יוגנט פילט.
זי לעזט, זי גאַפּט — דער הימל העלט.
געשפּרעך פון טאָג ווערט דער אַקאָרד,
ס׳איז אַלטאַלענאַ׳ס קלאַנג אין וואָרט.

LXXXIX

עס האָט גאָר שנעל די גאַס פאַרכאַפּט
זיין אַלטער עגאָ: הויך צעבליט
דער צויבער־רעדנער. אָנגעזאַפּט
ווערט לופט מיט קלאַנגען. ס׳ציט
אַ יעדן הערן ס׳זילבער־וואָרט
פון זשאַבאָטינסקי. ציוניזם
זיין קאַמף, זיין קרעדאָ. „טשטאָ זאַ טשאָרט!״
רופט אויס ניט איינער פון אַן איזם
אין קעגנערשאַפט, מיט גרויס פאַרדרוס.
און ס׳ברויזט אָדעס אין הייס דיספּוט:
ביי איינעם פלאַמט דאָס האַרץ פאַר רוס,
ביים צווייטן ציון זינגט אין בלוט.
און שוואַרצער ים פאַר אַלעם גלייך
זיך רוישט: „אָדעס — מיין קעניגרייך״.

## XC

„שוין לאַנג מיין פּנחס ניט געזען",
טראַכט עזרא אויף פּאַרנאַכט־שפּאַציר.
און פּלוצלונג הערט ער: „וואו געווען
די גאַנצע צייט, אָ פּריינט, זייט איר?"
יאָ, פּנחס שטייט שוין ביי זיין זייט,
כאַפּט אָן זיין אָרעם מיט אַ שפּרונג:
„נו, קומט מיט מיר... אָט דאָ ניט ווייט...
ס'רעדט זשאַבאָטינסקי... פּייערונג
לכבוד — נו, געהיים, פּריוואַט.
ס'וועט זיין דאָרט ביאַליק, ציון־פּני."
און עזרא טראַכט: נאָך ניט געהאַט
די זכיה הערן אים — „איך גיי."
און וואָס דעם אָוונט ער געהערט,
נאָך קיינמאָל פריהער, עזרא שווערט.

## XCI

שטייט זשאַבאָטינסקי, רעציטירט
אין רוסיש „משא נמירוב".
(יאָ, וואָס מיין העלד דערביי געשפּירט
באַשרייבן — וועט ניט זיין קיין סוף.)
משורר זיצט. ער האָרכט און גליט.
און דאָרטן שלאָגט אַ כישוף־קוואַל:
די שפּין אין ווינקל פעדים ציט...
דערציילט פון שחיטה... בוידעם... שטאַל...
פאַרגליווערט אַלע זיצן שטום,
פאַר'כישופ'ט מער דאָס פּאַסיק וואָרט.
און ווען געענדיקט, לאַנג אַרום
נאָך יעדער צוגעשמידט צום אָרט.
ס'דריקט ביאַליק זשאַבאָטינסקיס האַנט —
און פּנחס חלומ'ט ביי דער וואַנט.

## XCII

אויף וועג אַהיים. מיין פּנחס שווייגט.
די אויגן טיף אין נאַכט אַריין.
און עזרא פילט: אַ שטורם שטייגט
אין זיין באַגלייטער. אומעט, פּיין
פאַרצויגן איבער זיין געזיכט.
„וואָס קוועלט איך? זאָגט. מיט וועם געפּעכט?"...
— „איר ווייסט... איך פיל... צו שאַרף דאָס ליכט
פון דער הריגה... מערדער שעכט...
,השמש זרחה׳... איד און הונט...
קרבנות צוויי און איינס די האַק... —
און האָבן שחיטות דען אַ גרונט?!
צו וואָס די שטראָף? דער האַרטער פּסק?
הרוגים דאָרטן יונג און אַלט,
און דאָ אַ שופר יאוש שאַלט!"

## XCIII

און לאַנג נאָך פּנחס האָט גערעדט:
„צו שאַרף דאָס וואָרט... דער דיכטער אירט...
ווען מערדער קומט, דו ווערסט פון בעט
אַרויסגעשלעפּט, אַוועקגעפירט
צום יאַטקע־קלאָץ גאָר אומדערוואַרט,
איז וואָס קאָן זיין דיין ווידערשטאַנד?...
צי פון אַ פרוי אין עלטער צאַרט?...
געוויס, עס איז אַ טיפע שאַנד
צו שטאַרבן מיט דיין הונט צוגלייך,
די בלוטן רינען אין איין מיסט,
וואָס רעגן שווענקט אַריין אין טייך...
עס ברענט דיין צאָרן. יאָ, ס׳פאַרדריסט...
אַראָפּ די שאַנד! אַ זעלבסטשוץ באַלד!
דער איד שלאָגט קריק אין ניי־געשטאַלט!"

## XCIV

צי קענט איר יבנה ? אָט די שול
וואָס ציוניזם איז איר סימבאָל ?
אַ שבת, יום־טוב, איז זי פול.
דער הויף געפּאַקט גאָר אָן אַ צאָל
מיט יוגנט. מ׳שטראָמט פון איבעראַל.
דיסקוסיעס פלאַמען בלוי און רויט,
אַ יעדער ברענט מיט אידעאַל,
באַפרייען מענש פון פּיין און נויט.
זעט איינער גאולה פאַר דעם איד
אין ציון. דאָס פאָלק מיט אַלעם גלייך.
אַ צווייטער וויל קיין אונטערשיד
אין קלאַסן. ניין, ניטאָ מער רייך.
ס׳איז דאָ איין פּונקט, וואו קיינער שטרייט :
צו זען דעם צאַר פאַרשיקט גאָר ווייט.

## XCV

מיין עזרא איז געווען אַ גאַסט
אין יבנה אין גאָר אָפטער צייט.
געווען אַ מקשיב, ווי עס פּאַסט,
ביי די דיסקוסיעס פון דער זייט.
ער האָט געהאָרכט און האָט שטודירט
די מענשן אין די רעדלעך פיל.
אין שול ס׳גבאות ברייטלעך פירט
לעווינסקי. זיין ליבער בליק דורך בריל
מאַכט יעדן פילן וואַרעם, נאָנט,
אין דרשה ווי אין דברי־חול.
און געסט מיט נעמען ווייט באַקאַנט.
אָט שטייט אַ גר, וואָס שטאַרק זיין קול :
ער פאָרט אין הייליקן סיאָן,
ס׳רופט גאָט די קינדער צו זיין טראָן.

XCVI

אין בין־השמשות צאַפּלט טאָג.
אין קאַמף די זון מיט אונטערגאַנג
פון מאָרגנפרי. פרייד צי קלאָג
פון וואָלקן שטייגט ?... אַן עדה לאַנג
אין יבנה וואַרט. עס לעשט זיך אויג,
אין שרעק געריכט צום ווייטן ווין...
דאָרט גוס׳עט הערצל. אין קני־געבויג
יתומים דאָ — וואו איז דער זין ?...
וועט זיך פאַרלעשן יעקב׳ס ליכט,
איינמאָל אין גלות אויפגעשטראַלט ?...
הערט לויכטן אויף אָט דאָס געזיכט,
דער שטערן ציון זינקט און פאַלט...
עס טוליעט זיך די עדה — שאָף :
אָ, גאָט, צו גרויס וועט זיין דיין שטראָף !

XCVII

אין טיפן טרויער אַ געשטאַלט
דערשיינט. דעפּעשע אין דער האַנט.
באַרבאַש טראָגט אָנזאָג. לוויה־קאַלט
ווערט אַלץ אַרום. דאָס וואָרט באַקאַנט :
טויט !! — שטום די עדה זיך צעגייט.
אין אויג ביי יעדן שפּילט אַ טרער.
דער וואָלקן שוואַרצער זיך פאַרשפּרייט :
די שווערע משא טראָגן — ווער ?
„דער ציוניזם איז איצט טויט״,
זאָגט איינער צו מיין קראַנקען העלד.
„ניין, ניין !״ שרייט עזרא. „נאָך געבויט
ווערט ציון, ווען אויך ער אונז פעלט.״
אַהיים קומט עזרא. ווי אַ שטיין
פאַלט ער אויף בעט אין הויך געוויין.

XCVIII

פון אַלע העלדן אויף דער וועלט,
וואָס דו, מיין לעזער, טרעפסט אין גאַנג,
זאָל איינער דאָ זיין פאָרגעשטעלט
אַביסל נענטער. שוין פון לאַנג
שטייט ער פאַרצייכנט אויף פּאַפּיר
און לאָזט ניט רוען מיין געמיט.
ער האָט מיין עזראַ'ן אין טראַקטיר
געשלעפּט ניט איינמאָל. טיי געבריט.
אַ טיף געדאַנק פון הויך באַדייט
האָט ער אַנטוויקלט מיט אַ ברען:
לעגיאָנען! יאָ, פון יונגעלייט
דערוווערבן. שווער בלויז ערשטע צען.
ס'קאָן ציון ווערן באַלד באַפרייט
פון די לעגיאָנען־יונגעלייט.

XCIX

„בר־כוכבא פון מאָדערנער צייט" —
אַ שמייכל ווער פאַר אים געהאַט.
נאָר ער מיט קיינעם האָט קיין שטרייט
געפירט. געגלויבט צו זען אַן אַפּאַראַט
אין די לעגיאָנען פאַר דעם קץ.
אין די טראַקטירן זיי געזוכט.
אים ניט געאַרט וואָס ער אַלס ליץ
פון די בינדיוזשניקעס געפלוכט.
„אַן אידעאַלער עלעמענט
איז צו געפינען נאָר אין רויך
פון צווישן די טראַקטירן־ווענט,
בלויז גיב אים ריכטונג, ציל און תוך".
אַזוי גע'דרשנ'ט האָט דער העלד,
וואָס ווערט פאַר אייך דאָ פאָרגעשטעלט.

C

אין יבנה אָפּט אויך ער אַ גאַסט,
פון אידעאַלן שפּרודלט ס'אָרט;
אַ יעדער דאָ געקאָנט זיין לאַסט
אויסכאַקן גריינג מיט ברען פון וואָרט.
עס האָט אַן אויער ניט געפעלט
פאַר קיינעם. מיילער אין דיספּוט
לרוב. אויף שרייפלעך אָנגעשטעלט.
דער דראַנג דאָ קיינמאָל ניט גערוט.
צו העלפן פרייהייטס־קאַמף אָן נויט
איז אונזער שווערמער גרייט אין גו;
פאַרן צאַרס רעזשים אַ שנעלן טויט
לעגיאָנען זיינע שטעלט ער צו.
די פעלקער אַלע גלייך און פריי,
ווען ניט די וועלט איז ווערט אַ שפּיי.

CI

אַרום דעם מענטש האָט זיך געוועבט
ניט איין לעגענדע. ס'איז ער הײנט.
ער האָט פאַר פ ר י י ה י י ט נאָר געלעבט,
אין אָפּפערווּיליקייט געשיינט.
ער איז געווען אַמאָל גאָר רייך,
גע'ירשנ'ט פאָטערס גרויס פאַרמעג;
נאָר אַלע מוזן זיין דאָך גלייך,
ווי קאָן ער שטיין אויף הויכן ברעג?
האָט ער אין אייגענער פאַבריק
אַ סטאַטשקע באַלד אָרגאַניזירט:
„צעברעכט דעם יאָך! אַראָפּ די שטריק!"
ער זיינע „שקלאַפן" אַגיטירט.
דער קאַמף געוואונען. צוגעמאַכט
ער שנעל ס'געשעפט, וואָס האָט געקראַכט.

CII

פון מיכל האַלפּערין געהערט
האָט איר דעם נאָמען דאָך געוויס ?
פאַר יעדן קאַמף געגורט אַ שווערד,
געצויגן שיך פון זיינע פיס.
(עס איז געשיכטע שוין אַצינד :
ווען יונגטערקיי האָט דעם סולטאַן
אַראָפּגעזעצט, האָט ער געשווינט
געהאַט פאַר איר אַ פּלאָטן־פּלאַן.
אין תל־אָביב האָט ער אויף גאַס
סאַנדאַלן זיינע אויסגעטאָן
און פאַר אַן עולם, ניט אויף שפּאַס,
פאַרקויפט זיי טייער פּעראָקציאָן.
דאָס געלט, וואָס דאָס אַריינגעברענגט,
דער פּלאָט טערקייס האָט ער געשענקט.)

CIII

ווי רייך ביסטו, מיין פאָלק ישראל,
מיט אידעאַלן, הערצער ברייט !
דאָס וואָרט פון נביא ברויזט לפועל
אין בלוט, דורך טויזנט יאָר פאַרזייט.
עס האָט דער גלות דיך געטראָטן
און בייז פאַרשניטן אָפט דיין ברעם ;
נאָר שטענדיק האָט דיין האַרץ געזאָטן
מיט גאולה־פּלאַם פאַר וועלט אין קלעם.
דער גייסט פון דיינע וועק־פּראָפעטן
פאַרלאָשן קיינמאָל אין געפאַנג,
צעשמעטערט האָט ער באַיאָנעטן,
און הערליך טראָגט זיך זיין געזאַנג
פון אויסלייז דורך שטאַכעט און דראָט —
יאָ, אייביק איז דיין בונד מיט גאָט.

CIV

דו האָסט נביאים צו אַלע צייטן
דער וועלט געשיקט מיט ברוסט אַ פלאַם,
צו וועקן, מאָנען און צו שטרייטן
פאַרן טאָג, ווען לייב באַזייט מיט לאַם.
און ווען דער טאָג נאָך ניט געקומען,
נאָך ווערט דאָס לאַם דעם ווילד צו רויב,
קאָן דאָך דער רוף קיינמאָל פאַרשטומען,
ווי ניט פאַרשטומט צו גאָט דיין לויב.
יאָ, דיינע זין אויף אַלע וועגן,
אין טורמס ווי אין טיפן הייל,
מיט פאַקל שטענדיק ווען פרעגן
פראָפעטיש: „שומר מה מליל?"
און ענדלעך וועט די לאַנגע נאַכט
אויסטיילן דיר דיין היים, דיין פראַכט.

CV

אַזוי אין גאַנג: אַן עפּיזאָד
קומט דיר אַנטקעגן פון דער זייט.
דו טראַכסט ניט אַז אַ ווייטער סוד
פון דעם אַנטפּלעקן וועט מיט צייט.
און לאַנג אין יאָרן שפּעט אַרום,
זע, ביסט אַ טייל פון יענעם שפּיל,
וואָס דו געפּאָלגט מיט בליקן שטום,
פאַרהילט געוועזן פאַר דיר זיין ציל.
איצט זעסטו קלאָר: געוועזן אויך דו
מיטשאַפער פון אַ ניי געדאַנק,
און ווען דער רבי לאַנג אין רו,
נאָך לעבט אין דיר זיין גייסט, זיין דראַנג.
און טויזנט קעפּ מיט דיר באַנאַנד,
לעגיאָנען צום געבאָטן לאַנד!

CVI

אָדעסער הימל היינט באַשערט
פון פרי באַגינען צינדן רויט.
דער האַפן ווייס ניט וואָס פאַרוועדט,
מען שרייט דאָרט הויך „דעם צאַר אַ טויט!״
די בשורה שנעל האָט זיך פאַרשפרייט:
דעם צאַרס אַ שיף האָט רעוואָלטירט,
קאַנאָנען אירע שטייען גרייט,
אָדעס גייט ווערן באָמבאַרדירט...
פאָטיאָמקין! ס׳וואָרט ווי כישוף שטראַלט.
די מאַנשאַפט איז אַרויס אין בונט,
דער קאַפּיטאַן — געמאַכט אים קאַלט,
אין ים באַגראָבן ווי אַ הונט.
ער האָט דערשאָסן אַ מאַטראָז
ווען מאַנשאַפט האָט געפאָדערט וואָס.

CVII

עס קאָכט די שטאָט מיט קלאַנגען הויך,
און העלדן נייע צינדן מוט:
דעם צאַרס רעזשים גייט אויף אין רויך...
אָט־אָט אַ שאָס... אַ פייער־גלוט
פון פאָלק אין צאָרן כאַפּט אַרום
דאָס גאַנצע לאַנד... אַ קול הויך שאַלט:
„פאָטיאָמקינס קוילן מאַכן שטום
ס׳רעזשים פון קייטן, בלוט און גוואַלט!״
דער שטאָט־נאַטשאַלניק ווי אַ האָז
שוין קאָרטשעט זיך אין פחד, שרעק.
ער ציטערט. וואָרים איין נאָר בלאָז
דערלאַנגט דער קרייצער — און אַ פלעק
פאַרבלייבט פון דעם וואָס הייסט אָדעס,
דער בלוטיגער אַ קאַלטער מת.

## CVIII

אַזוי אין קלאַנגען איינגעהילט
די גאַנצע שטאָט. אַ יום־טוב שטראַלט.
די מילדע לופט דיך ליאַשטשעט, קילט,
און פעסט די טריט אויף דעם אַספאַלט.
עס גייט באַוועגונג זיך איר גאַנג
אויף גאַס. נאָר יעדער שטיין לויכט פרייד.
דו שפּיצסט דיין אויער: אָט אַ קלאַנג
קומט דיר אַנטקעגן מיט באַשייד.
דו וואַרטסט אויף יענעם דונער־קנאַל,
וואָס גיט אַ טרייסל ים און ערד.
אַהער, פּאָטיאָמקין! גיב אַ שאַל
מיט די קאַנאָנען! זאָל צעשטערט
אַראָפּ אין אַש און שטויב דער טראָן,
און קרייען זאָל נאָך אים קיין האָן!

## CIX

אויף ניקאָלאַיעווסקי בולוואַר
איז שטיל. דער שונא לויערט וואו.
פאַרשטעקט די היטער פון דעם צאַר,
וואָס דאַרפן האַלטן אָרדנונג, רו.
און אָט איז פושקינס מאָנומענט.
דער דיכטער בליקט אין חלל טיף.
זיין פּנים לויכט: יאָ, ענדלעך ברענט
דאָס פרייע וואָרט... און דאָרט די שיף...
ווי אָפט האָט ער דעם ים באַטראַכט,
געהאָרכט זיין רויש, זיין קרעכץ, זיין וויי,
געזוכט צו שפּאַלטן רוסלאַנדס נאַכט,
פאַרשטומט האָט אים דעם ראָבס געשריי.
און אָט ביי זיין געליבטן ברעג
גייט אויף די זון פאַר נייע טעג.

## CX

עס שפּאַנט מיין העלד די מאַרמאָר־טרעפּ,
וואָס פירט צום האַפן טיף אַראָפּ.
דאָ שטראָמט אַ כוואַליע מענטשנקעפּ,
אַ שטורם הויך רייט אין גאַלאָפּ.
איז דאָס אַ חלום אויף דער וואָר ?...
אַ פּונקט אויף רוסלאַנדס ברייטער ערד,
און ס׳יובלט פרייהייט אין אַ כאָר
פון מענטשלעך פרייד גאָר אומגעשטערט !
די טרעפּ צוויי הונדערט. ניט געציילט
זיי בויער פּאַר אַ גרענעץ־וואַך.
און זע, צוויי וועלטן שאַרף געטיילט !
יאָ, די פון אויבן דאָ אין שמאַך.
מיין עזרא שפּרינגט אַריין אין קאָך —
ווי זיס די לופט אָן צאַרסקען יאָך !

## CXI

דאָס בילד — דער שענסטער קאַרניוואַל.
אַלץ שטראָמט אין פרייד, אין יום־טוב־גלות.
עס ברויזן רעדעס וואַסערפאַל,
מען רייסט די קייטן, מ׳פליקט דעם קנוט.
צוויי שוואַרצע אויגן ברענען פלאַם,
אַ מיידל שטייט דאָרט אויף עסטראַד.
זי צינדט די הערצער. האַנט צום ים
געריכט, רופט זי : „אַוועק דער טשאַד !
דער קרייצער דאָרט דעם צאַרס ניט מער,
די רעוואָלוציע האָט אים איצט.״
און ביי אַ רוס שטעלט זיך אַ טרער :
„האָט זי גערעדט... האָט דאָס געבליצט...״
יאָ, האַרציק צייגט ער זיין געפיל
און מאַכט אַ „ברכה״ אין דער שטיל.

CXII

און וואו אַ קאַסטן, וואו אַ פּאַס,
אַ וואָגן, וואָס נאָר הויך געשטעלט,
דאָרט פלאַמט דער צאָרן, ברענט דער האַס
צום פוילן אין דער צאַרסקער וועלט.
אַ מענטשנכוואַליע שטראָמט און פלייצט
פון אָרט צו אָרט מיט פריי געמיט.
און פלוצלונג לעבן דיר — געררייצט
שרייט אויס אַ נפש: „שלאָגט דעם זשיד!"
מיט שטעקנס, פויסטן אָנגעפילט
ווערט לופט. אויף קאָפּ פון דעם שפּיאָן!
דאָרט ליגט ער מיט זיין גיפט געשטילט —
דאָ פלאַטערט רוסלאַנדס פרייהייט־פאָן.
די רעוואָלוציע איז אין גאַנג,
און טמא יעדער פרעמדער קלאַנג.

CXIII

און אָט אַביידל. אַן אַלטאַר.
כחול די מענטשן דאָ אַרום.
דאָ ליגט דער קרבן פון דעם צאַר
מיט קויל אין ברוסט. און אַלץ איז שטום.
צוקאָפּנס ליכט. זיי וואַרפן שיין
אויף פּנים פון געפאַלנעם העלד.
אין פּאָרכטיק ציטער און אין פיין
בויגסטו דיין קאָפּ. ביסט ניי באַזעלט.
אַ ריזיק שיסל שטייט אין פראָנט,
מטבעות פלייצן מויל און ראַנד.
און עפּעס רופט צו דיר און מאָנט,
יאָ, מער ווי קופּער פון דיין האַנט.
און זע, אַ ליכט צוקט אויף זיין פלאַם —
דו הויבסט דיין אויג אַרויס צום ים.

### CXIV

אין זון געבראָנזט הענגט אַ טומאַן
דאָרט ווייט אַרויס. דו שאַרפסט דיין בליק
צו זען די שיף וואָס קאַפּיטאַן
איז רעוואָלוציע אויף איר בריק.
דעם קרייצערס גרויער סילועט
ברעכט דורך דעם נעבל קוים נאָר קוים.
פּאָטיאָמקין! יאָ, זיין מאַיעסטעט
רעוואָלט האַלט וואַך. נאָנט־ווייט דער רוים.
אַ שיפל שנעל פאַרלאָזט דעם ברעג,
די רודערס ברעכן וועל נאָך וועל.
ווער שניידט צום קרייצער זיך אַ וועג?
ווער טראָגט צו אים אַ גרוס, באַפעל?
„ס'איז פעלדמאַן," שעפּשעט ווער אַ סוד.
„און באַלד צו אונז דער גאַנצער פלאָט".

### CXV

„פאַרלאָזט דעם פּלאַץ, חברים, באַלד,"
ווערט אָנגעזאָגט פון אָרט צו אָרט.
„די מאַכט גייט ברויכן איר געוואַלט,
דערגאַנגען איז צו אונז דאָס וואָרט."
פאַרנאַכט. די שאָטנס שלייכן שטיל,
אומהיימלעכער אין האַפנרוים.
דו טראַכסט: צי שוין ניט מער אַ שפּיל?
פאַרשווינדט דאָס אַלץ ווי וואַסער־שוים?
און שווער־געלאָדן שטייגסט די טרעפּ
צוריק אַרויף אין צאַרנרייך:
דעם קייטניאָך דו ווייטער שלעפּ,
מיט גראָז געטראָטן ווידער גלייך.
אַ רגע פרייהייט דורכגעלעבט,
אַ רגע — אייביק איינגעוועבט.

## CXVI

ווי פֿאַר אַ שטורעם דער בולוואַר
פֿאַרלאָזט. אין אומעט דער אַליי.
דו שפּאַנסט דעם וועג אין פֿריידן־צער,
און הערן ווילסטו אַ געשריי
גאָר מעכטיק שאַלן איבער ערד:
„אַ סוף צום שמאַך!״ — נאָר זע, אויף ראָג
קאָזאַקן דרייען זיך אויף פֿערד
נערוועז און כמורנע... ביז פֿאַרטאָג
האָט זיך געהערט דער דונער־קנאַל.
און קלאַנגען האָבן זיך פֿאַרשפּרייט:
די מאַכט געגאָסן האָט איר גאַל
אויף האַפֿן, אין אַ פֿייער־קייט.
אַ גאַנצע נאַכט האָט טויט זיין פֿאָן
געפּאָכט: „איך, שומר פֿון דעם טראָן!״

## CXVII

און נאָך אַ טאָג דער עפּיזאָד
די שטאָט געהאַלטן פֿעסט געשפּאַנט.
ס'האָט מאַכט געשפּילט אין גורל־ראָד:
פּאָטיאָמקינס היינט, דעם צאַרס צו שאַנד.
צו קבורה ווערט געבראַכט מאַטראָז,
אין דער פּראָצעסיע יונג און אַלט.
אָדעס טרינקט הויך פֿון פֿרייהייט־כּוס,
מיט לויה־טריט אויף דעם אַספֿאַלט.
עס שיקט דער קרייצער זיין סאַלוט
דעם העלד, אין אייביק רו באַגלייט.
קאַנאָנען קראַכן. אַ מינוט
די שטאָט אין טרייסל. שוין פֿאַרגייט
דער אויפֿרור, יובעל, פֿרייהייט, האָף —
נאָר ס'לויכט דער פֿונק אין קאַמף ביז סוף.

## CXVIII

די זון האָט ליכטיק זיך צעשפּילט
היינט איבער הימל. טיף לאַזור.
אָדעסער זומער. איינגעהילט
אין ברכות האָט דיך די נאַטור.
אין זעלכע טעג מעסטו אַליין
בולוואַרן, גאַסן, ברעג פון ים.
דו טראָגסט מיט זיך דיין שטיל געביין
און פּאַסט אים טיפער אין דעם ראַם
פון רויש און קלאַנג — די וועלט־געבורט.
און פלוצלונג טויכט פון גאָלדן ווייט
אין שטראַלן אַ געשטאַלט געגורט...
ווי אָנגענעם דער איבערבייט!
דו גריסט אים פריידיק: „ברודער מיין,
אין דיר, אין מיר שטייגט אונזער זיין."

## CXIX

די טראַנספאָרמירונג האָט פאַרכאַפּט
מיין העלד גאָר אָפּט אין כישוף־טראָט.
מיט נייע שטראַלן אָנגעזאַפּט,
אַלץ לאָקנדער זעט ער ס'געבאָט.
דער רום וועט קומען. נו, געוויס.
נאָר גורל ווייט אין האָריזאָנט.
אַליין דאָס שאַפן איז דאָך זיס,
דער אויסדרוק וואָס אין דיר רק מאָנט.
און יענער הייסער אידעאַל,
די פרייהייט פון דיין פאָלק און לאַנד,
די ברודער־ליבע איבעראַל,
אַלץ מאָנט און רופט: „לייג צו די האַנט."
מיין עזרא פילט צו אַלעם גרייט —
אָדעסער הימל אַזוי ברייט!

## CXX

יאָ, היינט האָט עפּעס וואָס פּאַסירט.
מיין העלד אין טראַנס, אין פיבער־ברען:
ער האָט זיין איך, יאָ, טראַנספאָרמירט,
אין אותיות שוואַרצע העל געזען.
ביי פענצטער פון אַ בוך געשעפט
האָט ער זיך אָפּגעשטעלט. די קראַפט
פון נייעם וואָרט, פּעריאָדיש העפט.
און אפשר — האַ ?... ער קוקט, ער גאַפט...
דאָרט אַ זשורנאַל... פון פּאָדערבלאַט
זיין נאָמען קוקט אַרויס צו אים...
זיין ליד ?... געדרוקט ?!... ווי דורך אַ טשאַד
שפּילט אויג... באַגלייט האָט אים אַ שטים:
„פאַרוואַנדלט ביסטו אין אַן אות...
מיט פריידנפיין געפילט דיין כוס.”

## CXXI

אין גאַנג צו יענעם ווייטן ציל,
וואָס מאָלט דער ראָד פון דעם אין־סוף
און שטויסט דיך אין די אָרעמס קיל
גאָר אומבאַוואוסט פון עתיד־שלאָף;
אין אָט דעם טריב צום ווייטער גיין,
אין אָט דעם לויף צום איבערשאַף
דיין אייגן איך אין אַ געביין
פון בלוט און פלייש — מלאך־טף;
צי גאָר אין יענעם וואָרט און קלאַנג,
וואָס שאַלט אַ חלום אין דעם ראָד,
און וואַרטסט אויף עכאָ שמערצלעך, לאַנג,
ער זאָל אַנטפּלעקן דיר דעם סוד, —
אין אָט דעם אימפּעט פון דער צייט
אַן אַנדער הימל לאָקט שוין ווייט.

CXXII

דער הימל איבער בערג דאָרט הענגט,
וואָס הייסן אַלפּן — שײנע שווייץ.
דאָרט האָבן מענטשן זיך געשענקט
נאַטור און פרייהייט פול מיט רייץ.
דער קוואַל פון וויסן איז פאַרמאַכט
פאַר אידיש קינד אין צאַרנלאַנד,
נו שטראָמען קינדער פון דער נאַכט
אַרויס צום וויסן — ווייט פון שאַנד.
יאָ, אויך מיין עזרא זעט זיך גרייט
באַזוכן „יבנה", בערנס שם.
דאָרט ווערט דער קאַמף אויך פאָרבאַרייט
פאַר רוסיש פאָלק, וואָס איז אין קלעם.
יאָ, דאָרטן, וואו עס טאָגט קאָנגרעס
פאַר שיבת ציון און פראָגרעס.

CXXIII

ניט גרינג דער אָפּשייד פון אַ שטאָט,
וואָס האָט אין טרוימען דיך געוויגט,
וואו יעדער שטיין געגריסט דיין טראָט
און יעדער בוים האָט דיך געקוויקט.
וואו לופט צו צערטלען ווייס נאָר מילד,
און מענטשן האַרציק שמייכלען צו.
וואו ס'רוישט דער ים. און איבערפילט
ווערסטו מיט קלאַנגען. אָטעם. רו.
וואו ניט פאר'מיאוס'ן רעזשים
דיר דיינע טעג אויך ניט געקאָנט;
וואו לויטער האָט צו דיר אַ שטים
געשאַלט: „שפרייז דרייסט! דער ברעג איז נאָנט."
אַדיע, מיין ליבער כאַדזשיביי,
עס לאָקט דער אַלפּ אין מאַנטל שניי.

I

צו מערב לויפט די באַן. אַהין
וואו ס׳וואַרט אויף דיר אַ זונענשטראַל,
וואו ס׳לעבן לאָקט פאַר דיר מיט זין
און וויסן רוישט אַ וואַסערפאַל.
דו זיצסט אין צוג. אַרום איז דול.
נאָר וואָס געזאָגט אַדיע אַ פריינט.
אַ מאַמעס האַרץ. און אויגן פול
מיט ליבע, זאָרג, פאַר דיר געשיינט.
אָ, מוטער, כ׳ווייס, דו האָסט דיין צער
פאַר דיינע קינדער שטיל געפרעגט,
און דיינע תפילות פאַר דעם האַר
ביחידות תמיד. ניט געפרעגט
האָסטו אים שאלות — וואָס און ווען ?
ניט זאָרג, דיין קינד טראָגט מיט דיין ברען.

II

ס׳האָט עזרא זעלטן ווען געפּילט
צו צערטלען זיך אין מוטערס שויס;
די ליבע הייס האָט העל געשפּילט
אין שטומע בליקן פון דעם הויז.
התלהבות־בלינד געווען דאָ פרעמד,
מתנגדות־פראָסט געווען דאָ עכט;
נאָר גאָלדן פלאַם און צאַרטע הענט
געלויכטן דורך די טעג און נעכט.
אַ ברודער, שוועסטער גלייך דיר נאָנט
מיט חבר וואָס באַקענט אין גאַס,
פּאַרטרויען שטראַלט גאָר ניט געמאָנט,
און קיין פאַרשטעל, ווי אויך קיין האַס.
אין אָט דעם הויז פון שטילן טראָט
איז יעדנס ווילן אַ געבאָט.

III

און איצט ווען צוג צום גרענעץ רוישט,
וואו די מחיצה אַזוי שאַרף,
זיצסטו געפּאַנגען און דו לוישט,
דיין זעל צו יעדן הויך אַ האַרף.
עס שוועבט פאַר דיר דער אָפּשיידבליק
פון זאָרג אין אויג: „נעם אַכט, מיין קינד״.
עס ראָלן בילדער אויף צוריק —
און פּלוצלונג פילסטו אַז אַ זינד
טראָגסטו אין האַרץ צום אייגן בלוט:
דו האָסט דיין מוטער ניט געקענט!
צו טיף איר צאַרטקייט אין דעם גלות,
צו שעמעוודיק יאָביידנס הענט.
פון וויטן שיקסטו איר אַ גרוס
פון דיין השתפכות און פאַרדרוס.

## IV

דער שומר, וואָס ביי רוסלאַנדס טיר,
לאָזט דיך אַרויס ניט אָן אַ קלאַפּ.
קיין פּאַס ביי זיך, און אויב קיין „שמיר״,
פליסטו באַלד קריק מיט דעם עטאַפּ.
אַ פוס אַריבער — און גאָר ווייט
ביסטו פון אַלץ, וואָס שטיקט אין לאַנד.
דו מאַכסט זיך גרייט צום איבערבייט:
אין ליכט אַריין, אַרויס פון שאַנד!
(אַזוי האָט דאַן דיר אויסגעקוקט
דער מערב מיט זיין הויכקולטור.
השכלה־קנעכטיש זיך געבוקט
צו אַלץ, וואָס פאָרט אויף דייטשלאַנדס פור.
און ניט געשפּירט, אַז אונטער הויט
שוין לויערט חיה אויף דיין טויט.)

## V

די גרענעץ שוואַרצן מוז מיין העלד.
ביי נאָוואָסעליץ איז דער אָרט.
דער פּאַסמאָרט דאָ איז נאַכט און געלט.
די שוואַרצער האָבן זייער וואָרט;
עס פליסט דורך שטילקייט פון דער נאַכט
בשותפות מיט דעם לייכטן שפּרונג
פון ציטער־חיה, וועמעס מאַכט
איז שלייכן. יאָ, און טראָציק־שוואונג,
ווען שונא בליצט אַרויס זיין צאָן.
דאָ גילט דער דזשאָנגל ווען שוין שטרייט.
און פאַלט ווער, וועט אויך ניט קיין האָן
אַ קריי טאָן ביי די לצים־לייט,
וואָס איבער הויזן הענגט דאָס העמד,
און אַלץ וואָס כשר איז זיי פרעמד.

## VI

ס'האָט עזרא גאַנצע צוויי מעת־לעת
געוואַרט אויף אָנזאָג: „וועג געשמירט".
געקוקט אַרויס צו יענעם נס
ווען פרייע ערד זיין פוס שוין שפּירט.
ער ליגט פאַרשטעקט דאָ אין אַ הויז,
דער באַלעבאָס — אַ איד אָן צייט.
אין בוקאָווינע מסחר גרויס
פירט ער. און יאָ, אויך יונגעלייט,
וואָס רוסלאַנדס ערד געוואָרן הייס
איז זיי, העלפט ער אַריבער „דאָרט".
ער שטיצט דעם קאַמף מיט איינשטעל. ווייס,
אַז ס'מיינט פאַר אים געשפּילט אַ קאָרט.
זיין גוטער נאָמען שטייט אין קאָן,
נאָר גרייט פאַר פרייהייט אַלץ צו טאָן.

## VII

מיין עזרא איז דאָ ניט אַליין.
זיין שיקזאַל טיילט אַ יונגער רוס,
די אויגן ברענען טונקל־ריין:
פון פרייהייט־קאַמף אין גלות אַ גרוס.
זיין נאָמען — נו, זאָל זיין פּעטראָוו.
די רעוואָלוציע האָט פיל זין,
א י י ן נאָמען אַלע. ציל: אַ סוף
צו דעם רעזשים. עס מוז „אַהין",
אין נאָנטן מערב, זוכן שוץ
פון רוסלאַנדס שויס די בעסטע פרוכט,
און דאָרטן אַרבעטן צום נוץ
פון לעצטן זיג, מיט רוף: „פאַרפלוכט
זייט איר, אָ הענקער פון מיין פאָלק!
איך קום נאָך קריק און מאַך אַ טאָלק."

VIII

דער רוס באַטראַכט זיין נייעם פריינט,
די ליפּן בלייבן נאָך געפּרעסט.
ער קאָן ניט ריידן. ניין, ניט היינט.
צוערשט אַרויס פון אָט דעם נעסט!
פאַרטרויען קומט ביים סאַמאָוואַר,
עס פאַלט אַ וואָרט, אַ וואונק נאָך מער:
ער איז סטודענט פון סעמינאַר
פאַר טעאָלאָגיע. לופט איז שווער.
ווער קאָן דאָ אָטמען? זעסט, אַרום
דאָס פאָלק געדריקט, געיאָגט, אין פיין.
דו ביסט אַ פּחדן, בלייבסטו שטום.
דו וואַרפסט אין קאַמף זיך הייס אַריין!
דו פילסט... דיין האַנט מוז טאָן אַ טאַט...
און שטאַרק.. אַזוי!... — נאַר שפּעטער, בראַט.

IX

דער נייער ברודער ווייס גאַנץ גוט
וואָס מיינט אין קאַמף אַ „שטאַרקע האַנט".
געוויס געפאַלן איז אַ ברוט,
אַ תליון אין אַ וויטן קאַנט
פון רוסלאַנדס טיפן יאָמערשויס,
באַצאָלט מיט קאָפּ פאַר פּיין און פּלאָג
פון פאָלק אין קייטן. איז אַרויס
מיט דער דובינע טעאָלאָג,
דער וויכער, שטילער יונגערמאַן,
וואָס ניט באַרירן קאָן אַ פליג,
גענומען האָט ער דאָך די באַן,
די א י י נ צ י ק ע צום גרויסן זיג.
מיט ערפורכט קוקט מיין העלד אים אָן
און בענטשט די טאַט, וואָס ער געטאָן.

X

אומהיימלעך שלאָגט דער זייגער דאָ
פאַר איינעם וואָס זיין בליק איז „דאָרט".
דו ביסט מיט זעל שוין דאָ ניטאָ
און צוגענאָגלט ביסטו פאָרט.
דו ביסט ביי זיך ניט אין די הענט,
דו זעסט נאָר שאָטנס אַרום דיר.
די בריקן האָסטו שוין פאַרברענט
און פוס נאָך ווייט פון ברעג־באַריר.
מיין עזרא פילט קיין פחד ניט,
ס'געפעלט אים גאָר דאָס טונקלע שפיל;
נאָר אָט דער רוס — אַז אָפּגעהיט! —
מוז דאָך דערגרייכן שנעל זיין ציל.
מיט זאָרג מיין העלד שוין אָנגעפילט
פאַר נייעם פריינט אין סוד געהילט.

XI

די נאַכט איז דורך אין האַרטן שלאָף
פאַר עזרא'ן. ניט אַזוי דער פריינט.
דריי טעג אין אויסקוק און קיין סוף,
ניט כשר עפּעס, ווי אים שיינט.
דער איד פאַרזיכערט, אַז די וואַך
ביים גרענעץ פלוצלונג זיך פאַרשטאַרקט.
אַ נייע שמירה... פריש די זאַך...
דאָס „שמירן" וועט ניט זיין געקאַרגט.
נאָר יאָ. אַזוי איז דער באַשלוס:
בייטאָג צו מאַכן דעם „שפּאַציר"
מיט אָט די צוויי, דעם איד און רוס,
ס'איז גרינג ווי מיט דער האַנט אַ פיר.
באַלד קומט אַ איד. די פור איז גרייט.
אַן „אייגענער" ביים גרענעץ שטייט.

## XII

אַ הויכער איד. דאָס בערדל קליין.
און אויגן שוואַרצע קוקן מילד.
ער גיט די יונגעלייט פאַרשטיין,
אַז ס׳פאָרן זיין וועט גלייך געצילט...
מען זיצט אין פור. דער איד טרייבט אָן.
מען פאָרט צו דעם געוואונטשטן לאַנד.
און אָט די גרענעץ... אַלץ אין קאָן...
אַ זעלנער שטייט מיט ביקס אין האַנט...
דער איד שפּיצט שאַרף אויף אים זיין בליק,
זיין אַקסל גיט נערוועז אַ צוק...
אַ טרייב דעם וואָגן אויף צוריק:
„ס׳געפעלט מיר ניט דעם שומר׳ס קוק..."
די פּאַסאַזשירן קריק געבראַכט,
זאָגט ער: „זייט גרייט אויףביידערנאַכט."

## XIII

די נאַכט געקומען שאָטנשטיל,
מען פּעקלט דיך אין וועג אַריין.
דאָס שוואַרצן האָט זיין אייגן שפּיל,
אַ קונסט־רעזשי גאָר עכט און פיין.
דער רעזשיסאָר — געוואַלט אַליין,
(השגחה שפּילט דאָ זיכער מיט)
און ביינערדיק, מיט טיגער־ציין,
דער פירער שפּרייזט מיט שדים־טריט.
אָט לעבן דיר — און אָט פאַרשווינדט,
הערסט קוים אַ פּיפּס און קוים אַ שאָרך,
זיין מלבוש פלאַטערט מיטן ווינט, —
אין בלינדער נאַכט וואָס זעסטו? ... האָרך! ...
דו ביסט פון פריינט שוין לאַנג געשיידט,
פילסט אָטעם נאָנט, נאָר הערסט קיין רייד.

## XIV

אויב לאַנג געווען איז ווען אַ נאַכט,
אויב וועלט פאַרלאָרן זיך אין רוים,
אויב ס׳האָט באַוועלטיקט דיך אַ מאַכט
פון שדים־טאַנץ און טיפן תהום, —
נו יאָ, אַ תהום — אַלץ וואָס פאַר דיר,
נו יאָ, אַ שד — אַלץ וואָס עס שפּוקט,
דו טאָפּסט אין נאַכטס פאַרשלאָסן טיר
און פילסט זי ווערט געדרייט, גערוקט.
דער שליסל איז ניט אין דיין האַנט,
דער וועג געצייכנט פאַר דיר בלינד,
דו טרעטסט אויף גרענעץ פון אַ ראַנד —
אין וועמענס מאַכט ביסטו אַ צינד ?...
דיין אָטעם פרעגט. דער קערפּער ציט.
אין שדים־טאַנץ אויך דיינע טריט.

## XV

אַ שטיק לבנה פלוצלונג שיינט
אַריין אין וואַלד פון שדים־טאַנץ !
יאָ, פרייד און שרעק : צומאָל דער פיינט
האָט זי אַרויסגעשיקט אין גלאַנץ ?...
דו קוקסט זיך אום : אַ פרוי, אַ קינד,
אַ פעקל. טוליען זאַלבעדריט,
דערשראָקן אין דעם ליכט פון זינד —
פון וועמעס האַנט דאָ אָפּגעהיט ?...
און אָט אַ לץ טויכט אויף מיט שפרונג
פון צווישן קוסטעס אין דעם וואַלד.
דו הערסט אַ קול ... פאַרנעמסט אַ קלונג ...
אין הויזן־העמד אַ ווייסגעשטאַלט.
דאָס איז דער גרוס פון יענער זייט:
דו ביסט אין עסטרייך — פריי, באַפרייט !

## XVI

עס איז באַגינען שוין געווען
פון אַן אָקטאָבערדיקן טאָג,
ווען מיינע העלדן זיך דערזען
אין שטעטל וואָס אויף עסטרייכס ראָג.
די בוקאָווינע. האָט איר רייץ.
די אידן דאָ גאָר סוחר׳יש גרויס.
אַן אייגן בערזע. גענז און ווייץ,
און וואָס אוקראַינע שיקט אַרויס.
עס קומט דער איד פון יענער זייט,
צערעכנט זיך גאָר פיין מיט דיר,
גיט אָפּ דאָס געלט די יונגעלייט,
וואָס אין זיין שוץ ביים איבערפיר.
ער דריקט די האַנט די פרייע צוויי,
איז גליקלעך וואָס געהאָלפן זיי.

## XVII

ביים גרענעץ קלאַפּט דער זייגער בלינד,
דאָס שוואַרצן ווייס קיין קאַלענדאַר.
האָסט איין געדאַנק: אַרויס געשווינט
פון אָט דער תפיסה אונטער צאַר.
און אָט שטייסטו אויף עסטרייכס ערד,
דיין פנים צו דער שווייץ געריכט,
וואו אַלץ איז פריי, קיין זאַך פאַרווערט,
וואו דו ביסט דו מיט ד י י ן געזיכט.
אַ נייער טאָג פאַנגט אָן זיך היינט,
אַ דאַטע אין דיין לעבענסגאַנג,
דער הימל לויטערער גאָר שיינט,
און דאָך פילסטו אי טריב, אי באַנג.
אַ שפּאַן פון דיר דאָס לאַנד פון פיין,
אַ שפּאַן פון דיר — דאָרט קוועלט דיין זיין.

## XVIII

מיין עזרא וואַרט אויף נעקסטער באַן,
קיין טשערנאָוויץ דער וועג ניט לאַנג.
און פּלוצלונג — זע!... וואָס איז פאַראַן?...
אַ מחנה חסידים אין געדראַנג!
קאַפּאָטעס, פּאות, שטריימל, שיך,
געפּלאָכטן אין אַ נעץ פון אייל.
איעדער שטופּט דעם צווייטן גיך,
כאָטש שלינג און שפּרינג דאָרט זיבן מייל.
„וואָס רייסן זיך די חסידים דאָרט?"
פרעגט עזרא דעם, וואָס אים געבראַכט.
„צום סאַדעגורער עולם פאָרט
אויף צו כל־נדרי היינט ביינאַכט."
און דאָ מיין העלד האָט זיך דערמאָנט
אַן קאַלענדאַר וואָס אים אויך נאָנט.

## XIX

ס'איז טשערנאָוויץ אַ שיינע שטאָט,
אויך נאָך אָדעס האָט זי איר פּראַכט.
ביז איך פאַנגט חשבון אָן מיט גאָט —
מיין העלד שפּאַצירט האָט ביז פאַרנאַכט.
גענומען אָפּשייד פון דעם רוס,
(ניטאָ וואָס זאָל פאַרהאַלטן אים.)
קיין צייט אויך פאַר זיין סוד־אויסגוס,
און האַרציק נאָנט אַזוי זייך שטים.
ער פאָרט קיין בערן. אַהין זיין ציל.
די מעקאַ פאַר איעדן פריינט
פון קאַמף און אַרבייט אין דער שטיל
פאַר אייגן פאָלק אין קייטן היינט.
מען וועט זיך טרעפן שוין אָט דאָרט,
געניסן פון דעם פרייען וואָרט.

XX

אייראָפּע, מזרח און באַלקאַן
אין אָט דער שטאָט געשלאָסן בונד;
און וואָס פון עסטרייך דאָ פאַראַן
איז מאַטעריאַל פאַר פיינעם שונד.
די גאַסן ציכטיק. מענטשן שטיל.
אַלט־עסטרייך שלאָפט דאָ מיט געמיט.
די דייטשע שפּראַך הערט איר דאָ פיל,
דער איד האָט זי דאָ אָפּגעהיט.
די פּילפּאַרוויגטע הויכקולטור
פון גרויסן דייטשלאַנד — שילער, קאַנט —
פאַרזייט דער איד אויף יעדן שפּור
פון זיינע טריט אין ווייטסטן לאַנד,
און ניט געקימערט זיך האָט ער
וואָס דייטש האָט פיינט אים מער און מער.

XXI

מיין עזרא האָט עס שוין געשפּירט
אין פריע יאָרן. ער, אַ קינד,
וואָס זיך אין דער „קולטור" געצירט,
איז דאָך געווען קיינמאָל ניט בלינד.
ער האָט דערקענט דעם דייטשס נאַטור,
האָט פיינט געהאַט בתכלית האַס
זיין אַראָגאַנץ. ער האָט די שנור
פון געטאָ־קאַנט צום רונדן פאַס,
דעם בירבויך־דייטש און גראָבער פעל,
פאַרבינדן קיינמאָל ניט געקאָנט.
נו יאָ, די נעמען לויכטן העל,
נאָר וואָס פון זיי דעם פאָלק איז נאָנט?
די גרויסע גייסטער אויף פּאַפּיר,
באַרבאַרן טעמפּע אַרום דיר.

XXII

ס׳איז טשערנאָוויץ אויך אידיש שטאַרק,
יום־כיפּור האָסטו דאָס געפּילט.
אַראָפּ דער האַנדל פונעם מאַרק,
אין פּאָרכט די הייזער איינגעהילט.
עס רוט די גאַס אויך פון דעם קריסט.
באַוועגונג קוים. נו יאָ, קיין זין.
דער פּרוט אפילו רואיק פליסט,
ווי ער געשפּירט דעם יום הדין.
און עזרא אין דער פרעמדער שטאָט
פאַרנעמט גאָר נאָנט אַן אַטמאָספער:
אַלץ טוליעט זיך צו איין געבאָט —
אַ יאָר דאָס האַרץ מיט זינד דאָך שווער.
און ס׳פאַסטן אידן יונג און אַלט,
און טעכטער טרוימען: „באַלד, אָ באַלד...״

XXIII

אין דער אַכסניא, וואו דער גאַסט
איז דורכגעשלאָפן די פּאָר נעכט,
האָט דאָרט אַ מיידל אויפגעפּאַסט,
די צעפּ און פינגער אין געפלעכט.
די אויגן שוואַרץ. אין אומעטשיין.
פאַרוואָלקנט איז אַ צאַרט געזיכט
פון שטילן בענקען: קום אַריין,
באַשערטער. כ׳צינד יום כיפּור־ליכט
פאַר די נשמות אין דער הויך.
אָ, זע דעם ציטער פון דעם פלאַם.
אַזוי מיין האַרץ. אין פּחד־רויך
פאַרגייט. צומאָרגנס שטרייפט די קאַם
ניט מיינע האָר. די גלידער מיד.
בלייבט לאַנג פאַרבאָרגן דיינע טריט?...

XXIV

פאַרנאַכט. דאָס מיידל ליגט אויף בעט.
דאָס פאַסטן שווער איז איר געווים.
אַ שולטער רונד — נו גיב אַ גלעט.
אין אומשולד־פּחד אירע פיס.
עס הענגט אַ ציטער אין דער לופט,
אַ נעבל־שלייער גרוילעך־גרין,
עס קלאַפּט אַ זייגער, קרעכצט און רופט...
צוויי יונגע הערצער — יום הדין!
עס בליט דער תענית אויף איר שלייף,
די זון האַלט שוין ביים אונטערגיין,
אַ חלום שוועבט אַרום דעם רייף
פון אירע צעפּ. ער פילט דעם מיין.
די שאָטנס מערן זיך געדיכט —
געלייטערט רוט אַ קינדס געזיכט.

XXV

דער וועג ציט ווייטער. באַן צו ווין.
עס הוזשעט אין וואַגאָן — אַ מאַרק.
עס לויפן אידן הער און הין,
פאַרטאָן אין מסחר יעדער שטאַרק.
דו וואָלסט געמיינט אַ בערזע רוישט,
מען ציילט באַנקנאָטן, דער און דעם,
מען קויפט, פאַרקויפט, וואָס אויסגעטוישט,
מען האָט פרנסה, באָרכעשעם.
אָט דאָרט אַ איד, אַ בעזים דאַר,
שמענעסרע שטייט און שאָקלט צו,
אַ רגע — און ער ציילט שוין באַר,
אויף ליפּן נאָך „עלינו — טפו...״
דער צוג בלייבט שטיין מיט פייף און פרייך,
אין אימפּעט אידן. וואָס איז שייך.

XXVI

אין ווין מיין העלד פֿאַרבראַכט ניט לאַנג,
אַלאַ טוריסט געמאָסטן גאַס,
געהאָרכט איר ריטם און איר קלאַנג,
געפֿילט אַ שטאָך פֿון אידנהאַס.
פֿאַסירונג קליין. אַ בעקעריי.
אַ מוטער לייביק, טאָכטער שיין.
געקויפֿט. אַרויס. קוים שוועל פֿאַרביי,
האָט נאָכגעקלונגען „יודענשוויין!"
האָט ניט געוואוסט וואָס איז זיין זינד,
נאָר גיפֿט האָט שוין זיין בלוט געס'סמ'ט.
אַזוי דורך יאָרן, ביז אַצינד,
אַ קעגנהאַס אין אים רק פֿלאַמט.
און ווען דער דייטש געברענט דעם איד,
די ווינער פֿרוי זעט ער אויף שריט.

XXVII

ס'האָט ווין פֿיל צויבער, נו געוויס.
די מאָנומענטן, טעאַטער, קונסט.
די קאַבאַרייען. ס'מיידל זיס.
קאַפֿע־געמיט. אין רויך און דונסט.
אייראָפּע האָט איר עלעגאַנץ
פֿאַרזייט דאָ ברייט מיט רייכער האַנט.
פֿיל פֿעלקער ווירבלען דאָ אין טאַנץ —
פֿראַנץ יאָזעף קיניגט אין דעם לאַנד.
אָט דאָ האָט הערצל אויך געלעבט,
פֿון דער „קולטור" גאָר איבערזאַט,
האָט ער אַ חלום הויך געוועבט:
אַלטניילאַנד. יאָ, אַ אידנשטאַט.
דעם אידנס שמאַך האָט ער געשפּירט,
מכבי'ס גייסט האָט רעוואָלטירט.

## XXVIII

די „בלויע" דאַנוי, טיף אין שויס,
שטראָמט אין איר אימפּעט דורך דער שטאָט,
באַוואַלצערט פון דעם יונגען שטרויס,
באַזונגען פיל. ס'איז קונסט-געבאָט
פאַר דיכטער רייך אין וואָרט און קלאַנג.
אַ האַלב טוץ פעלקער האָט דער טייך
געשפּייזט מיט פאַלקלאָר און געזאַנג,
איז נאַציאָנאַל זיי אַלעם גלייך.
עס קען מיין העלד אים אַלס דונאַי
פיל נענטער. זאַפּאָראָזשיע-ליד.
און אויך געשיכטע לויפט פאַרביי
פון פילע דורות פאַר דעם איד.
און אָטביים ברעג מיין עזרא שטייט,
קוקט נאָך זיין לויף. די זון פאַרגייט.

## XXIX

דאָס וואַסער פליסט אין שנעלן שטראָם
צו יענעם ווייטן-נאָנטן ים,
וואו ער גע'חלומ'ט ביי זיין תהום
נאָך וועלטן נייע — יוגנטפלאַם.
וואו אַלץ געקלאַפּט: פאָרויס, פאָרויס!
זיין אויג געשניטן האָריזאָנט:
און ערגעץ-ווייט אַ חלום גרויס
אַרויסגעקוקט און רק געמאָנט.
נו טראָגט דער חלום אים אַהין,
און דאָ דער שטראָם לויפט קריק זיין וועג.
אין מיטן פלי, פון ווייטן ווין,
שיקט ער אַ גרוס צום אייגן ברעג.
אַ לעצטער שטראַל אויף וועל דאָרט גלאַנצט,
זיין אויג לויפט מיט — די דאָנוי טאַנצט.

XXX

אַ נאַכט אַ חלום. אַלפֿנקייטן.
עס הענגט די באַן דאָ אויף אַ האָר.
אַ כּישוף־האַנט נעמט וואונדער שפּרייטן,
און קלאַנגען גייען אויף אין כאָר.
פֿאַרלאָזטע שלעסער אויף די שפּיצן,
און טייכן איינזאַם דאָ ביים גרונט,
לבֿנה־שיין אויף פֿעלזן, ריצן,
לויתן אָפֿן האַלט זיין שלונד.
עס לויפֿט די באַן אין אָטעם־ציטער,
דו זיצסט ביים פֿענצטער טיף פֿאַרכאַפּט.
דער גאַנצער צוג אַ בראשית־שפּליטער,
וואָס ווינט פֿון פֿעלז אַרויסגעקלאַפּט.
און אין דעם שפּליטער דו אַ קלאַנג —
אַ גאַנצע נאַכט דער חלום לאַנג.

XXXI

פֿון ווין אַרויס שפּרייט לאַנד פֿון צויבער.
אָט יענע בערג געהילט אין נאַכט.
וואו שלעסער די באַראָנען־רויבער
געבויט מיט מיטלאַלטער פּראַכט.
געקרוינט זיך דאָרט פֿאַר נאָבלע האַרן,
דאָס פֿאָלק געשטיקט אין שקלאַפֿעריי,
געלאָזט אים שמאַכטן, פֿוילן, דאַרן,
געקוויקט מיט זאַגן, אַלט און ניי.
דערצויגן אים צו מאָרד און פּלינדער,
אין ברודער־קריג, אין צוג פֿון קרייץ.
און לאַנג אַ פֿאָלק פֿון שקלאַפֿנקינדער,
אין פּוסטע שלעסער זעט נאָך רייץ.
און ס׳הערשן רויבער מיט „גאָטס גנאָד" —
אַזוי געשיכטע דרייט די ראָד.

## XXXII

דו זיצסט אַ נאַכט אָט דאָ געפאַנגען,
דאָס בילד האַלט פעסט דיך צוגעשמידט.
אַליין געלאָדן מיט געזאַנגען,
ראָמאַנטיק־דיכטונג, היינע־ליד.
דו שוועבסט מיט באַן דאָ איבער רוקן
פון פעלזנבערג און לבנה־גלאַנץ;
און פון די פענצטער־לעכער שפּוקן
געשטאַלטן אין אַ שדים־טאַנץ...
געוויס ניט אויסגעלעבטע זעלן,
פאַרפּייניקט אין נקמה־לוסט,
אַ פרוי פאַרשטומט אין חושך־צעלן,
אַ יונגער ריטער, שווערד אין ברוסט.
און לאַנג נאָך שפּילט לבנה־שיין —
די אויגן קלעפּן. שלאָף טרעט איין.

## XXXIII

אין שלאָף אַ חלום. נו, ניט וויכטיק.
וואָס איז אַ חלום אין אַ שלאָף?
אַ פּותר־חלום מאַכט אים ליכטיק,
איז ער פאַרביי. און דאָס דער סוף.
ס'געפעלט מיר מער דער טרוים פון אויגן,
וואָס פלאַטערט אויף, לאָקט דיך און ציט.
און מעג ער זיין אויך ווייט פאַרפלויגן,
ער גליט שוין טיף אין דיין געמיט.
און אייביק וועסטו שוין מיטטראָגן
דעם חלום פון דיין וואָר און בליק;
און וויפיל מאָרגנס ס'וועלן טאָגן,
אין סוד פאַרהילט קומט ער אַלץ קריק.
און ווען דערפילונג איז באַשערט,
פון נייעם טרוים ווערסט שוין גענערט.

XXXIV

דו כאַפּסט זיך אויף. דו ביסט ביי גרענעץ.
סאַנקט גאַלען. טיר צו דיין באַגער.
זיך אויסגעטשוכעט מיט אַ גענעץ
פון קילן מאָרגן, גלידער שווער.
נאָך שוועבט פאַר דיר דער צויבער־חלום,
נאָך דורכגענומען מיט דעם רייץ.
און אָט אַ לאַנד שטרעקט אויס דיר שלום,
„ווילקאָמען!" זאָגט צו דיר די שווייץ.
אַלץ גייט דאָ צו מיט פעסט פאַרטרויען,
באַאַמטע האָבן פיל דאָ צייט.
קאָנדוקטאָר זאָגט צו דיר „גוט מאָיען",
מיט צאָלאַמט האָסטו אויך קיין שטרייט.
דו פאָרסט אַריין מיט פריי געמיט
אין אָט דעם לאַנד פון שטילע טריט.

I

העלוועציאַ! מעטאַל געפּרעגט.
אַ קלאַנג פון יראה אין דיר שטייגט.
די רוימער האָבן גרויס רעספּעקט
צו דיינע מענטשן שוין געצייגט.
הויך איבער בערג די פרייהייט גליט,
אַ פאָלק שטאַרק אינדיווידועל,
זיין אייגן שיקזאַל אויסגעשמידט,
אין קאַמף און מוט לויכט ווילהעלם טעל.
געוואַגט צו זיין אַ רעפּובליק
ווען וועלט אַרום אין טיראַניי,
געצייגט דעם מענטש אַ מוסטערבריק
צו אייגן ווערט און טאַטן פריי.
העלוועציאַ, איך צי דעם הוט
פאַר דיינע בערג ווי פאַר דיין מוט.

II

אַ חבר־בונד פון פעלקער דריי,
און יעדער מיט זיין אייגן שפּראַך.
דער ווילן פאַר אַ לעבן פריי
האָט אויסגעפורמט זיי אין דאַך:
די שווייץ. דו טרעטסט אין איר אַריין
און טראַכסט פון פעלקער אונטערדריקט
אין צאַרנלאַנד. אין שאַנד און פּיין
דיין אייגן פאָלק דאָרט ווערט דערשטיקט.
און טיף איז פרייהייט איינגעקריצט
אין וואונדיק ברוסט פון עם ישראל.
אויף איבער זיינע בערג געבליצט
האָט העל אַ וואָרט אין נביא׳ס קול:
„ס׳וועט זיין אַמאָל, אין שפּעטער צייט,
ווען פאָלק מיט פאָלק ניט מער אין שטרייט.״

III

דו ווערסט אַ קינד, פון ס׳ניי געבערט,
ביים אָנבליק פון דעם וואונדערלאַנד.
אויף יעדן שטעג קוועלט מענטשנווערט,
שלאָגט ברכה פון אַ פרייער האַנט.
און הייס אין דיר פלאַמט דאָס געפיל
צו זען דיין לאַנד אַזוי צעבליט.
אַ סוף צו אָט דעם בייזן שפּיל
פון קנעכטשאַפט און פאַרבאָטן טריט!
אויף אָט דעם באָדן קאָנצענטרירט
די פרייהייט־זין פון איבעראַל.
פון דאַנען קאַמף ווערט אָנגעפירט
צו שעפּן גלייך פון ברכה־קוואַל.
פון דאַנען וועלט האָט רוף דערהערט:
„צוריק דער איד אויף ציון־ערד!״

IV

פאַרכמורעט איז דער הימל היינט,
אַ רעגן קאַפּעט, דאַכט זיך דיר.
ווייסט ניט אויב זון אַמאָל דאָ שיינט.
וואַרסטו ניט מער מיט דיין שפּאַציר.
די מענטשן דאָ מיט וועטער גלייך,
עס פעלט די זון אין זייער בליק.
נאָר דאָך מיט פריינטשאַפט איז גאָר רייך
די כמורנע שטאָט פון שטילן גליק.
די גאַסן לויפן באַרג און טאָל,
דער בערנגראַבן — פונדאַמענט.
אַ בער איז טאַקע דער סימבאָל
פון אָט דער שטאָט, וואָס דיך דערקענט.
דו ביסט אין בערן. אָהער געגאַרט.
וואָס אַלץ אָט דאָ אויף דיר נאָר וואַרט!

V

אין דער קאָלאָניע קאָכט און זידט.
די „רוסן" זעסטו איבעראַל.
(ס'איז קוים אַ צענטער ניט קיין איד —
דער שווייצער קען זיי „נאַציאָנאַל".)
געוויס, צו לערנען איז באַגער.
ס'איז פילאָזאָפיע און כעמי,
אויך מעדיצין דאָ פּאָפּולער.
און מאַנכער זוכט זיך אויס יורי.
מיין העלד קלייבט אויס דעם פאַקולטעט
פון פילאָזאָפיע, ווי באַשערט.
דער ים פון חכמה — אַ מאַגנעט.
דאָס פּראַקטישע פאַר אים קיין ווערט.
אַוואו אַ בליק, דאָרט אַ סטודענט,
נאָר שטודיום האָט ניט שאַרף געברענט.

VI

פאַרטייען זיינען דאָ אַקטיוו.
דורך טאָג און נאַכט אַ רעפּעראַט.
דיסקוסיעס ברענען. שלינגסט נאַאיוו
אַיעדעס וואָרט. דו ווערסט ניט זאַט.
און ווען מיין העלד אַ ציוניסט,
איז דאָך אין אַלץ פאַראינט׳רעסירט.
האָט ניט געטראַכט אַז צייט אומזיסט
פאַרגייט גאָר פיל. די נייגיר פירט.
די רעוואָלוציע רופט און מאָנט.
ווער ס׳נעמט אַ האַנט אין דעם, איז פיין.
איז י ע ד ע ר קעמפער אים גאָר נאָנט,
אויף וועלכן וועג ער טרעט ניט איין.
די שלוזן זיך צעעפנט ברייט:
דאָס וואָרט איז פריי. די טאַט איז גרייט.

VII

און אָט געקומען ערשטע שוואַלב
פון פרייהייט. די אָקטאָבער־טעג.
די מויער שוין געבראָכן האַלב.
דער צאַר גיט נאָך. צו פרייד קיין ברעג.
דערטרונקען באַלד אין אידיש בלוט
ווערט ערשטע שוואַלב. די פינצטרע מאַכט
נעמט צינזן פאַר דאָס ביסל גוט
וואָס זי פאַרשפּראָכן. אויסגעלאַכט
מיט טיגערציין דער קאַמף, די פרייד.
רעאַקציע ווידער גאַלאָפּירט.
אַ דומאַ דאָרט מיט „פרייע רייד",
אַ תפיסה ניי דיר אויסגעצירט!
מיט חוזק האָט דער ווילדער צאַר
דעם פרייהייט־קאַמף געמאַכט צו נאַר.

VIII

עס קאָכט קאָלאָינע פון דעם „רוס״
וואָס רעוואָלוציע האָט געזיגט.
נאָר באַלד געקומען איז אַ גרוס
אַז זיג אין בלוט ווערט דאָרט דערשטיקט.
אַקטיווע קעמפער האָבן שנעל
פאַרלאָזן שווייץ. אַהיים צוריק.
זיי ווילן שטיין ביי פרייהייט־שוועל,
גאָר וויכטיק איז דער אויגנבליק.
און ווייטער איז באַקאַנט גאָר גוט:
ניט איינער האָט דערזען סיביר.
געפינט דער־יענער אַ מאַרשרוט
צוריק אין שווייצער הויפטקוואַרטיר.
אין דער קאָלאָניע פאַר דער צייט
פאַרלאָפן פיל אין איבערבייט.

IX

שוין דריי מעת־לעת ניט איינגעשטילט
אַ שלאַכט. זי ברענט אין ווייטער הויך.
קאַפּע דע ז׳אַלפּ איז איבערפילט
יאָ נאַכט נאָך נאַכט. עס פלאַמט דער מוח.
און אָפּגעפייערט ערשטן שאָס
די ציוניסטן. שווער געמיט.
געמאָנט דין וחשבון: זאָגט, פאַרוואָס
אָט די פּאָגראָמען? וועלכע שריט
האָט איר גענומען קעגן דעם?
און וואו וועט איד אויך ווייטער זיין?
ביי יעדן דריי פון ראָד אין קלעם?...
אין יעדן קאַמף זיין לייד און פיין?...
אַזוי געדונערט און געפלאַמט —
נאָר ענטפערס האָבן ניט געזאַמט.

X

פון דער קאָלאָניע גרעסטע העכט
גענומען אָנטייל אין דעם שטרייט.
עס האָט געפלאַקערט אַ געפעכט
ווי ס'האָט געפאַסט פאַר יענער צייט.
(עס איז געווען די בלי־פעריאָד
פון רוסישן סטודענטנטום
אין שווייץ. ס'איז באמת דאָך אַ שאָד
וואָס ניט גענוג באַקאַנט זיין רום.
געשיכטע האָט דאָ וואָס פאַרפעלט.
נאָר ווער דעם קאָך האָט מיטגעלעבט,
קאָן עדות זאָגן פאַר דער וועלט:
גאָר מעכטיק האָט מען דאָ געוועבט
דאָס נייע רוסלאַנד, ציון־בוי,
אויב ניט גאָר גלייך דער קאַמף אַזוי.)

XI

די בינע בליצט. אַ וואָרט אַ שווערד.
מיט שאַרפזין שלאָגט אַ־יעדער קריק.
דריי נעכט געזעסן און געהערט —
קאָנצערט פון ווערטער אָן מוזיק.
און אָט רעדט אַנסקי. פנים פלאַמט.
דאָס האַרץ געשפּאָלטן אים אין צוויי:
פאָגראָמען... שלעכט... יאָ, ס'פאָלק פאַר'סמ'ט...
אויפקלערונג מער — געהיילט דער ווייי...
ער נעמט צו הילף אויך דעם תנ"ך,
יחזקאל האָט געזאָגט אַ וואָרט:
בדמיך חיי... ווען ניט אין שמאַך
דיין לעבן, איז אין קאַמף דיין אָרט.
פאַרהילכט דער זאַל ווערט פון אַפּלויז,
נאָר שלאַכט נאָך לאַנג געווען ניט אויס.

XII

אויף בינע מאָסענזאָן דערשיינט.
אַ גענעראַל — מיט באָרד, פיגור.
ער האָט געשלאָגן פיל שוין „פיינט",
אויך איצט ניט בלייבן וועט קיין שפור...
(זיין רוסיש שוין אַ שאַרפע שפיז
פאַר אָט די „רוסן" אין דעם זאַל.)
שיט ער מיט פייער אָט דער ריז —
אַ פייערבאַרג, אַ לאַוועקוואַל.
אויפקלערונג? — אַנסקי איז דאָ שפעט.
און „אַכציקער" גאָר שטאַרק פאַרבלייכט.
אַלץ ווערטער, ווערטער — אָפגערעדט!
מיט טאַטן האָסטו וואָס דערגרייכט.
פיל שיינע רייד אַוועק מיט דאַמף.
בדמיך חיי — אין א י י ג ן קאַמף.

XIII

פאַרלאָזן אוניווערזיטעט,
פון לעקציעס קיינער מער שוין טראַכט.
דיסקוסיעס גייען אָן ביז שפעט
נאָך אויף דער גאַס אַדורך דער נאַכט.
עס פילן אַלע דעם מאָמענט
גאָר שאַרף. מען זוכט אין וואָרט אַ טרייסט.
פיל שאַרפזין האָט מען אָנגעווענדט
אויף „ווער איז זיגער?" — „יאָ, דו ווייסט...
געצייגט גאָר שטאַרקע רעדנערקראַפט
די ציוניסטן. זייער פלוס.
נאָר זייער לאָגיק האָט קיין האַפט,
דאָס האָבן מיר אין איבערפלוס."
ווער האָט געזיגט?... צי איז דען שייך?
ביים צאַר פאַרלאָרן אַלע גלייך.

## XIV

מיט דעם האָט זיך ניט איינגעשטילט
פון דער קאָלאָניע דאָס געמיט.
די לופט מיט פּולווער אָנגעפּילט,
ביי רעדנער האָט די צונג געבריט.
דער „בונד" האָט אויך באַלד אַנאָנסירט
אַ רעפעראַט „נאַ זלאַבו דניאַ".
גערעדט האָט מעדעם און באַרירט
אָט די פּאָגראָמען אין טשערטאַ.
דאָס איז אַ רעדנער עלאָקווענט,
געלאַסן איז ביי אים נאַטור.
נאָר דאָסמאָל האָט ער זיך צעברענט,
אַ צי צו שטאַרק דעם ווערטערשנור.
אַ פראַזע זיך אַרויסגעגליטשט,
און הערצער האָבן זיך צעהיצט.

## XV

די פראַזע, אַז „דאָס בלוט ווי אויל
אויף רעדער פון —" נו, גוט באַקאַנט.
און קוים דאָס וואָרט אַרויס פון מויל,
דער זאַל פאַרהילכט: „דאָלאָי! אַ שאַנד!"
פּראָטעסטן שטורמען מיט געוואַלד.
נערוועז דער רעדנער. פּנים — קרייד.
און דאָ מיין עזרא רופט אויס „האַלט!"
ס'בליצט אַ רעוואָלווער ביי זיין זייט.
„איך שיס אים!..." שרייט אַ פריינט־סטודענט,
וואָס פליג אָן וואַנט ביי אים צופיל.
און אָט דער „גזלן" האַלט אין הענט
אַ קליין רעוואָלווער!... ניט אין ציל.
ניין, די געפאַר געווען ניט גרויס:
פאַרשטעקט כלי־זיין און אַרויס.

## XVI

אַרום דער פּראַזע האָט מען טינט
פאַרגיסן גאָר שוין ניט פאַרפעלט.
און מעדעם האָט פאַר אָט די „זינד"
אַריינגעכאַפּט קריטיק אַ וועלט.
מיין עזרא פילט ביז היינט צו טאָג,
אַז אורטייל ניט געווען גערעכט.
עס איז געווען אַזאַ מין זאָג,
אַ מעטאַפאָר אין וואָרט־געפלעכט.
אין פלייץ פון רייד אַן איבערגוס.
אַריבער ראַנד ... און דאָ דער קלעם.
יאָ, ס'איז באמת אַ פאַרדרוס
וואָס מ'האָט פאַרשפּרייט אַ שלעכטן שם.
זאָל דער סאָנעט באַלויכטן העל
דעם אָנדענק פון אַ נאָבלער זעל.

## XVII

אַזוי מיין עזרא איינגעווייט
אין דער קאָלאָניעס שטאַרקן שטראָם ;
איז מיטגעשוואומען, מיט באַשייד,
אויף אָט דעם טייך אָפּט אָן פּאָראָם.
ער האָט געוואוסט גענוי וואו ס'פירט
זיין אידעאַל : קיין ציון קריק.
און חכמה־וועג ? ... יאָ, ניט געאירט
דאַרף פירן איבער לעבענסבריק.
שטודירט ער טיף מיט חקירה, פשט,
צי לאָגאָס, ווילן, אָדער איך
געווען דער בראשית־אַפּאַראַט.
פאַרטיפט אין קאַנטס דאַס דינג אַן זיך,
די סודות־וועלט, דער הימל־זיו ...
דו פאָרסט באַקוועם ספּעקולאַטיוו.

## XVIII

נו יאָ, „דאָס דינג —״. אַזוי די וועלט
שיינט עזראַ׳ן לאַנג. אַלץ וואָס געזען
האָט טיף אין אים באַלד אויפגעהעלט
וואָס אַנדערש... שוין די פינגער צען,
וואָס ער געקראָגן מיט געבורט,
צעפּינקלען זיך — אַ צוויבערנעץ,
וואָס אויף דעם ערדישן מאַרשרוט
געשפּאַנט צו פאַנגען אַזש דעם קץ.
און אויך דער קץ, ווען ער דערשיינט,
געוויס געוועזן וואָלט ער ניט דאָס...
אויף אַלע וועגן ביז צו היינט
לויכט שטענדיק אים צו אַנדערש וואָס...
דאָס דינג אַן זיך האָט אים גערעגט
די וועלט צו זען אין ניי אַספּעקט.

## XIX

וואו נאָר עס האָט אַ פילאָזאָף
פּערפּעקט באַמייסטערט אַ סיסטעם,
געזוכט אַזש מיט בראשית־שטאָף
אַרויסצונעמען מענטש פון קלעם,
באַלויכטן אים זיין דאָאיק זיין,
אויפקניפּן אים זיין פּלאַנטער־וועג,
באַשטראַלן אים מיט חכמה־שיין
אויף ביידע זייטן פון אַ ברעג, —
אין אַלעם דעם אַריינגעבליקט
מיין העלד, מיט ווילן צו דערגיין
דעם סוד פון אייביקן קאָנפליקט
וואָס ביי אַ גרענעץ בלייבסטו שטיין.
און שטענדיק האָט ער אומבאַוואוסט
געפילט אַז ערגעץ לאָזט עס פוסט.

XX

עס ליגט אַ סוד אין זונפאַרגאַנג,
דער פּתרון קומט מיט מאָרגנפרי.
דו הערסט אין שטראַלן אַ געזאַנג,
וואָס פלאַמט אַוועק מיט פויגלפלי.
אַ סוד אַנטפלעקט — און מער ניטאָ.
אַ ריר אַ האַרץ — און די מוזיק
וועט מעכטיק טראָגן זיך צום בלאָ,
וואָס מאָרגן ברענגט דיר ווידער קריק.
דו ביסט דער סוד, וואָס וועט פאַרגיין.
נאָר שענקסטו וועלט אַ נייעם שטראַל,
וועט אייביק עכאָ — דיין געביין —
דורך לופט אויסשאַלן איבעראַל.
דערום איז מענש אין זון פאַרליבט,
פאַרגיין מאַכט שטענדיק דיך באַטריבט.

XXI

די אַלפּן גליען. בראשית־וואונדער
אין ווייטער הויך האָט זיך צעשפּילט.
אַיעדער שפּיץ אין שפּיל באַזונדער,
אין פריידיק פלאַם דאָס שניי געהילט.
די יונגפרוי האָט אַ ים פון פייער
אין טיפן שויס זיך אויסגעשפּרייט,
און אַלץ וואָס אייביקייט איז טייער
שענקט איר די זון ווען זי פאַרגייט.
יאָ, זע, זי טוליעט שוין די קינדער
אין פייערשויס גאָר מוטערליך,
דען באַלד אַ וואָלקן דאָרט אַ בלינדער
טראָגט זיי אַוועק אין נאַכט אויף גיך.
נו ברענט דער שויס אין ציטער־גלוט,
אַ רגע אייביקייט גערוט.

XXII

מײַן עזרא זיצט אין זעלכע שטונדן
אָפּטמאָל אין אוניװערזיטעט.
דאָרט װערן אַלפֿן אָנגעצונדן,
דאָ פֿילאָזאָפֿיש װערט גערעדט.
ס'איז ליב אים דאָס פֿילאָזאָפֿירן
װען ס'זאָגט דעם „שיעור" פּראָפֿעסאָר שטײן.
נאָר דורכן פֿענצטער שױן נעמט פֿירן
די זון אַ שפּיל אין איר פֿאַרגײן.
גאָר פּרעכטיק איז דאָס אַלפֿנגליען
פֿון אָט דעם זאַל, װאו חכמה קװעלט;
פֿאַרקוקסטו זיך און װילסט מיטפֿליען
מיט יענעם שפּיל אין פֿלאַמענװעלט.
די לעקציע ניט געראָטן הײַנט,
ס'האָט אַלפֿנגלוט אַרײַנגעשײַנט.

XXIII

דו ביסט אַ קינד מיט גרױסע אױגן
װען יצירה שפּילט אין איר געװאַלט:
איז אַלפֿנגלוט, אַ רעגנבױגן,
דער באַרג און טאָל, װאו עכאָ שאַלט.
אַזױ פֿיל מאַכט האָט גאָט געגעבן,
אַזױ פֿיל סודות דער נאַטור;
באַקלײדסטו פֿליגל אײַנצואװעבן
אין דעם געװאַלט דײַן אײגן שפּור.
דאָס שטײגן װעט ניט גײן פֿאַרלאָרן,
װען דײַן פֿאַרמעסט בלױז װאָרט אין שפּיל.
אין פֿלאַטער װערסטו נײַ געבאָרן,
אַ גיריק קינד צום פֿײַערציל.
קומסטו מיט בראשית אין באַריר,
און שױן דער הימל בײַ דײַן טיר.

XXIV

דער טאָג איז כמורנע. וועֿנט דערשטיקן.
און איינזאַם פּילט זיך אַ סטודענט.
אַרויס אין גאַס. וואוהין די בליקן ?
צעשטרייאונג וואו אין דעם מאָמענט ?
„איך גיי צו שטיינען" אָפּט וועסט הערן
פון איינעם, וואָס זיין קורס ניט דאָרט.
ער זוכט זיין וויסן ניט פאַרמערן,
נאָר אָפּרו אין דעם שיינעם וואָרט.
אַ מיידל וואָס אַהער געקומען
שטודירן פּראַקטיש מעדיציַן,
צי וויל מיט קאַמף געוועזן פאַרנומען,
צי סתם די היים געהאַט קיין זין, —
דאָס וויסן, אומעט, רו, אַזיל,
האָט שטיינס אַ לעקציע זיך צום ציל.

XXV

אַ לעקציע איבער שאָפּענהויער
אין טונקל חדר. יאוש־שטאָף.
ס׳האָט לודוויג שטיין גאָר גרויס באַדויער
פאַרן פּעסימיזם פון פילאָזאָף.
ער וויל דעם יאוש ניט אָפּפרעגן,
אויפקלערן מער אַ קראַנק געמיט.
און דאָ אין זאַל — שוין זינקען וועגן
פון באַרג צום תהום פאַר איינעמס שריט.
אַ זעל באַטריבט קאָן לייכט געפינען
באַשייד אין וואָרט פון קראַנקען מאַן;
דער לעצטער צווייפל וועט צערינען,
און שוין פאַרצייכנט ווער די באַן:
„דאָס לעבן האָט קיין זין, קיין ווערט...
אַ סוף — גענומען און צעשטערט!"

XXVI

אַריבער שולטער עזראַ'ס אויגן
געפאַלן אויף דאָס שטיק פּאַפּיר...
אין שוואַרץ אַ מיידל, איינגעבויגן,
קריצט ווידוי אויס... ער שפּרינגט אויף שיר.
אָט די פיגור פון שטילן טרויער,
מיט אויגן — איינגעהאַלטן פלאַם,
זי וויל אַרויס פון לעבנסטויער...
מיט קויל אין קאָפּ ?!... אַ פלעשל סם ?!...
די האַנטטאַש אויף איר עלנבויגן,
געוויס דאָרט גרייט ליגט אינסטרומענט...
איין שטריך — און ס'לעשן זיך די אויגן...
און לעבלאָז קאַלט די ווייסע הענט...
ער שטרעקט זיין האַנט שיר אויס אַהין —
נאָר האַלט, וואָס האָט דאָס פּאַר אַ זין ?!

XXVII

זי איז אַוועק. וואוהין ?... אויספירן
איר זעלבסטמאָרד־פּלאַן ?... אָ, ניין שוין, ניין !...
ער מוז די טריט איר גיך נאָכשפּירן,
אַנטשלאָסן פעסט צו איר צוגיין
און זאָגן: פריינט, דאַרף איך באַגלייטן
אויף דעם שפּאַציר אַן איינזאַם זעל ?
איר זעט די וואָלקנס דאָרט זיך שפּרייטן ?...
די אַלפּן גליען היינט ניט העל...
דאָס לעבן אָפט האָט ניט קיין זינען,
זעסט ניט קיין יתרון אין דיין גאַנג ;
נאָר ווער חלומות קאָן זיך שפּינען,
וועט אים נאָכקלינגען איין געזאַנג :
„גיי ווייטער ! שמיד דיין טריט מיט קראַפט !
אין קאַמף האָט יאוש ניט קיין האַפט."

XXVIII

דאָס מיידל איז שוין לאַנג פאַרשוואונדן,
ער האָט קיין שריט נאָך איר געמאַכט.
אין פיבער־שרעק אַדורכגעצונדן,
שלאָפט ער שוין קוים אַדורך דער נאַכט.
ער האָט געקענט דאָס טרויער־וועזן
פון זען זי דאָ, אַמאָל אין גאַס.
געזוכט איר סוד אַרויסצולעזן
פון אירע אויגן, פּנים בלאַס.
און איצטער ?... אָ, דער שאָפּענהויער!
האָט צוגעשפּילט זיין סמ״יק שטאָף...
אַ הילפלאָז קינד, יאָ, קראַנק אין טרויער,
זעט אויסלייז שוין אין קאַלטן סוף.
ווי הייסט דאָס מיידל ?... איר אַדרעס ?...
ער מוז שוין וואַרטן אויף אַ נס.

XXIX

אין ברייטן שמייכל הימל היינט.
פון די געציילטע בערנער טעג.
פרייגיביק זון האָט זיך צעשיינט:
צום אָבערלאַנד! אַהין דער וועג!
מיין העלד געווען צום אויספלוג גרייט,
געפינען רו ביי יונגפרויס פיס.
נאָר דאָ אַ נייעס זיך פאַרשפּרייט:
„איר האָט געהערט שוין דאָס געוויס ?...
ס׳האָט אַ סטודענטקע לעצטע נאַכט
אַריינגעשאָסן זיך אַ קויל...
און ווען דער דאָקטאָר זי באַטראַכט,
האָט טויט געהערשט שוין אין זיין גרויל.
קיין בריוו. די סיבה ווייס קיין זעל.״
און ס׳פלאַמט פאַנטאַזיע אויף גאָר שנעל.

XXX

דאָס מוז זיין זי... נו יאָ, געוויס.
איר ווידוי נעכטן אויף פּאַפּיר...
געשען. געוואַגט דעם איבערריס...
און ער געקאָנט — איין שריט צו איר,
אַ נעם ביים האַנט און זאָגן: קינד,
זיי ניט קיין נאַר. קיין פייערשפּיל.
ביסט יונג און שיין. ניטאָ די זינד
וואָס איר דערלייז אין לעצטן ציל
פון ערדיש זיין. ניטאָ דער צער
וואָס טויטנהאַנט האָט אים געשטילט.
און אויב שוין קרבן — איז אַלטאַר
פון לעבן. פאַרביק אָנגעפילט
מיט אייגן אָטעם... הימל רויט...
„...נאָר מיידל ליגט דאָך דאָרטן טויט!..."

XXXI

געטריבן פון אַ שווער געפיל,
מיין עזרא בלאָנקעט היין און הער.
דער אויספלוג לאַנג שוין ניט זיין ציל,
אַנטלויפן דאָך האָט ער באַגער.
די גאַסן ליידיק. אַ וואָלאַל
פון טרויער הענגט אין מילדער לופט.
צוויי אויגן פלאַמען איבעראַל
אים שאַרף אַנטקעגן — זי!... זי רופט...
וואו זאָל ער גיין ווען בלינד דער וועג?...
קיין נאָמען. אַלץ אין פלאָנטער־סוד.
ס'קומט אַ סטודענט, גיט ער אַ פרעג:
„געהערט?..." — נו יאָ. געוויס, אַ שאָד...
איר וואוינונג?... ניין. געקענט פון ווייט.
טראַגעדיעס פיל אין אונזער צייט.

## XXXII

ווי לאַנג מיין עזרא זיך געדרייט
אַרום אין גאַס — לאָז איך דאָ אויס.
צו וואָס ער אַלץ געווען איז גרייט,
געזוכט האָט ער דאָך ניט דאָס הויז,
וואו זי — נו יאָ, ער פילט געקרענקט.
אַ מענטש געווען אים אומבאַקאַנט,
האָט קוים אַ בליק אים ווען געשענקט,
און דאָך — ווי ר'וואָלט געהאַט אַ האַנט
אין דעם, וואָס דאָרטן האָט פּאַסירט...
צום טייוול! נעם און שנעל פאַרגעס!...
נאָר זעט ער וואָס?... אין טרוים געאירט?...
פאַר אים געשטאַנען איז דער „מת"!...
אין שוואַרץ געהילט, אַ בלאַס געשטאַלט,
און קוקט אויף אים... ער מיינט ער פאַלט...

## XXXIII

„אָ, איר?!..." רופט עזרא אויס מיט קול,
וואָס האָט פאַרראַטן שרעק און פרייד.
אַ שפּרונג צו איר. און מיטאַמאָל
פוןביידע קוואַלן פלייצן רייד.
„געהערט?"... נו יאָ. געוויס, זי ווייס...
„און איך געמיינט, אַז דאָס זייט איר..."
האָט ער געזאָגט און זיך דעם שווייס
געווישט. זי גיט מיט האַנט אַ פיר
דעם שטערן: „נאָך צייט, ניט וואָר?... אַ דאַנק."
שוין בינדט דאָס שיקזאַל זעלן צוויי,
שוין פיל דערציילט זי אים אין גאַנג,
און שנעל פאַרהיילט ווערט אויך דער וויי.
נאָך אינטערלאַקן לויפט די באַן —
נאָר האַלט, איך שרייב ניט קיין ראָמאַן.

## XXXIV

פראָפעסאָר האַג איז שטאַרק באַטריבט
היינט ביי דער לעקציע פון לאַטיין.
מיט טרויער־בליק דעם זאַל געזיפּט —
דער אונטעררריכט גייט אים ניט איין.
ס׳האָט אָפּגעקלונגען דאָ דער שאָס:
אַ שילערין געווען פון אים.
פרעגט ער דעם זאַל: „וואָרום ?... פאַרוואָס ?..."
אויב ניט זיין שולד ?... און ס׳שטיקט זיין שטים.
צי ניט באַליידיקט זי צומאָל
האָט ער ?... און ציטריק שטייט אַ קינד
מיט גרויען קאָפּ. דער ווידערקול
איז מיטגעפיל: ניין, ניט זיין זינד.
דאָס זאָגט אים עדות יעדנס בליק,
און ס׳לעבט האָראַציוס אויף צוריק.

## XXXV

יאָ, פּראָפעסאָריש אַ טשודאַק
געווען איז וואָקער פיל שוין מער.
געשיכטע האָט ער מיט געשמאַק
געטייטשט. באַליבט און פּאָפּולער.
זיין גאַנץ פיגור — אַ רבּ׳ל שיר.
געבויגן. קיינמאָל הויך זיין שטים.
קומט אַ סטודענט אים אָן אין טיר,
אַנטשולדיקט ער זיך באַלד פאַר אים.
זיין וועזן — ווי ניט עקזיסטירט,
ווי איבריק איז ער אויף דער וועלט,
קיין שטרייט געשיכטלעך ניט געפירט,
זיין נאָבלער גייסט האָט אַלץ באַהעלט.
און דאָך געווען איז איין מאָמענט
ווען וואָקערן האָט מען ניט דערקענט.

XXXVI

אַ דעמאָקראַט — האָט טיפער האַס
געפלאַמט אין אים צו איין דעספּאָט.
דער איידלער שווייצער האָט מיט כעס,
פאַראַכטונג, און ניט וועניק שפּאָט,
אין אַש צעשטויבט דעם גרויסן טראָן
פון קליינעם „געלן קאָרפּאָראַל״,
וואָס זיך גערופן נאַפּאָלעאָן.
אַ פּייערלאַווע האָט אין זאַל
פון דער קאַטעדרע זיך גערוקט.
אַ נאַריש וועלט. דערהויבן הויך
אַ גאָרנישט. זיך צו אים געבוקט!
און וואָס פאַרמאָגט? קאַנאָנען, רויך.
דאָס וואונדיק האַרץ, פון קייטן פריי,
האָט פראַנקרייכס העלד געשעקנט נאָר בליי.

XXXVII

דער שוטרם האָט זיך איינגעשטילט
אין דער קאָלאָניע. גרויע טעג.
די רעוואָלוציע ניט דערפילט
די האָפנונגען. זוכט מען אַ וועג
אַרויס אין שטודיום, אייגן ציל.
קאַריערע לאָקט פאַר דעם און דעם.
ס׳ווערט תכלית מאָדע אין דעם שפּיל
פון יוגנטדראַנג, האָף און קלעם.
און פלוצלונג טייער ווערט די צייט:
עקזאַמען — און אַהיים צוריק!
צו פרייהייט איז אַזוי נאָך ווייט...
פאַרלאָזט מען קאַמף פאַר ס׳ביסל גליק.
און ס׳ווערט נאָרמאַל אַן אַטמאָספער
פון פולע טעג און הימל לער.

XXXVIII

ווייט ניט פאַר יעדן. קאַמף גייט אָן
פאַר די וואָס קאַמף איז עלעמענט
פון זייער זייַן. אויף וואַך די פאָן
נאָך האַלט דאָ מער ווי איין סטודענט.
דאָס שטודיום — יאָ, צום ציל אַ שריט.
מער וויסן — זיכערקייט אין גאַנג.
און ווען אויך תכלית זיך צעבליט
אין דער קאָלאָניע, האָט ס׳געטראַנק
מייַן העלד פאַר׳שיכור׳ט קוים נאָר קוים.
די לופט פאַר אים שוין צופיל גרוי.
אַ טייך וואָס גלאַנצט, אָן ברעקל שוים...
ווי פּראַקטיש! יעדער שווים געניי
געציילט... פיל מער פון דעם געגאַרט.
גוט וואָס דערווייל אַ זעל וואו וואַרט.

XXXIX

ס׳האָט איינזאַמקייט מייַן העלד געשטיקט,
כאָטש איינזאַם אָפט איז ער געווען
אויך צווישן מענטשן. שטום געבליקט
אין ווייטן חלל מיט דעם ברען
פון זייַן פאַר׳חלומט׳קייט אין אויג,
מיט יענעם פייער — שטאָל אין גלות,
מיט יענער אומרו אין דעם טויג,
וואָס שטייגט און פאַלט אין איין מינוט.
ווען שטורם טראָגט זיך אַרום אים,
און מענטשן האַמפּערן זיך מיט היץ,
קאָן שווייגן ער, ווי ס׳וואָלט זייַן שטים
אַוועק מיט פּחד פאַר דעם בליץ.
אָט נאָענט — און אָט פאַר׳כישופ׳ט פרעמד,
אין אייגן שטורם איינגעקלעמט.

XL

ס'איז סדר־נאַכט. דאָס בענקען קוועלט
נאָך ס'שענסטע וואָס פון קינדהייט שיינט.
וואוהין ?... אין טעאַטער ?... וואָס געשטעלט ?...
ס'ווערט פאוסט געשפּילט אַלס דראַמע היינט.
אַ דייטשע טרופּע גאַסטראָלירט,
אין מינכען קעניגלעך איר אָרט.
באַשיידן דאָ ווערט רעקלאַמירט:
דער ערשטער טייל. און וואָרט ביי וואָרט.
אין גאַס באַגעגענט ב — — אָוו,
אין אומעט טונקלט אויך זיין בליק:
„וואוהין אַ פריינט ?" — אין טעאַטער. „טוב".
און עזרא איילט צו זען דאָס שטיק.
מיט אויג און אויער אָנגעשפּיצט —
פינף שעה געדונערט און געבליצט.

XLI

מיין עזרא האָט דעם פאוסט געקענט,
פון לאַנג ביי אים אַ ליבלינג־בוך.
נאָר אין רעזשיס געשיקטע הענט
געקלונגען ניי האָט יעדער שפּרוך.
פון דעם געשפּילטן וואָרט די קראַפט!
באַפליגלט פלאַטערט יעדער אות
דורך מויל פון קינסטלער. ס'טריפט די זאַפט
פון דיכטונג לויטער אין דיין כוס.
דו טרינקסט. און דאַנקבאַר איז דיין פרייד
צום דיכטער, שוישפּיל. און צו זיך.
אַ ווערק זיין צויבער מעכטיק שפּרייט.
עס האַלט דיך פעסט די כישוף־קיך:
מעפיסטאָ אין זיין עלעמענט,
אין אומזין ווערט אַ זעל געברענט.

XLII

„איך גלויב, די אַלטע רעדט פון פיבער",
זאָגט פאוסט נאָך מכשפה'ס שפּרוך.
„דאָס איז נאָך לאַנג דיר ניט פאַריבער",
מעפיסטאָ ענטפערט. און דער פלוך
פון טייוולס גוואַלט איבער דעם קאָפּ
פון דעם געלערטן מאַן זיך טראָגט.
שוין זידט אין מכשפה'ס טאָפּ
אַלץ וואָס דער שטערבלעכער פאַרמאָגט.
ס'איזליידנשאַפט די העכסטע מאַכט,
דער טריב צו זיין דורך זיך פאַרמערט;
נאָר ווען דער שטן דאָס פאַרטראַכט,
וואָס ביסטו, מענטש, שוין דעמאָלט ווערט?
און ווען אַ קרבן דאָ אויך פאַלט,
דער טייוול ווייס ניט פון קיין האַלט.

XLIII

גאָטס ברכה רוט אין ליידנשאַפט,
וואָס זיך אין פרוכפּער האָט גענערט.
צו וואָס מעפיסטאָס בייזע קראַפט?
צו וואָס פיר לעבנס ער צעשטערט?
ס'ווערט מענטש געפּרואווט מיט יצירה־טריב,
מיט תאווה צו דעם צווייטן מין,
געטריבן ער זאָל האָבן ליב
וואָס ער באַשלאָפט. איז וואו דער זין
פון דער טראַגעדיע אין דעם שפּיל?
האָט טייוול דאָ זיין ציל פאַרפעלט?...
יאָ, ס'ליידט אַן איוב צרות פיל,
דעם טאָג פון זיין געבויר פאַרשעלט,
ווען מיט יסורים ער געפּרואווט
פאַר קיינעמס זינד. צו גאָט נאָך רופט.

XLIV

אַרויס פון טעאַטער. איבערפילט
מיט שווער געפיל. ווי מיט דעם רייץ
פון יעדן וואָרט. אין דיר נאָך שפּילט
דעם מייסטערס גאָלד אין רייכן פלייץ,
וואָס שטראָמט פון זיין געבענטשטן קוואַל.
דו זוכסט באַשייד אין צווייטן טייל.
געוואָרפן דאָ אין כף־הקל,
קומט העלד אַרויס צו ליכט און הייל,
פון שטן טויטלעך זיך באַפרייט.
העלענאַס ליבע איז די קראַפט
וואָס היילט. און פאוסט, דורך זינד באַנייט,
האָט אַ צוואה: ווירקט און שאַפט!
דורך אַרבעט, דינסט, צום וואויל פון שטאַט —
דאָס לעבן קעמפט מען אויס אין טאַט.

XLV

אין ליכט פון צייט, ווען הימל ברענט,
ווי זעט דיר אויס דאָס גרויסע ווערק?
אַ דיכטער האָט זיין פאָלק דערקענט:
אַ שאַרלאַטאַן אויף דייטשע מערק,
אַ קונצנמאַכער, כישוף צייגט,
וואָס שטייט מיט טייוול אין אַ בונד,
ווערט אַ לעגענדע. הויך גאָר שטייגט
זיין רום ווען ער פאַרזינקט צו שונד
דאָס וויסן, שטרעבן, דאָקטאָריי,
צעשפּילט זיין מאַכט אין פירסטנהויף.
פון טייוול ווערט ער שוין ניט פריי,
אין כף־הקל זיין לעצטער לויף.
און האַנסוואורשט, פאוסטס גאָר טרייער קנעכט,
פילּיסטערט ווייטער דייטשיש עכט.

XLVI

די פאָלקסלעגענדע אַזוי ווייט.
ס׳האָט געטע זיכער ניט געקענט,
(ווי לעסינג שוין האָט אָנגעדייט,)
צו זען דעם פאוסט פון טייוולס הענט
געפירט צו דער גיהנום־טיר.
ער גיט אַ תיקון אָט דעם העלד
פון פאָלקס־באַנעם. ער פירט אים שיר
אויף אַלע טייוולס וועגן. ס׳פעלט
דעם שטן נאָר די בייזע מאַכט
צו זיגן. זינדער שטאַרבט באַפרייט.
זיין זעל אין הימל ווערט געבראַכט,
מלאכים־כאָר אין קלאַנג באַגלייט:
„ווער אייביק שטרעבט און זיך באַמיט,
דערלייז אים פעלן ועט שוין ניט.״

XLVII

דער הויכשטודירטער אינטעלעקט,
יאָ, דייטשלאַנדס לעגענדאַרער זון,
פאַרלירט צו וויסן דעם רעספעקט
און מאַכט אַ טוגנט נאָך דערפון.
ער ש ט ר ע ב ט. צו ספערן ווייט אַרויס!
די צוקונפט קאָן הילפיק זיין,
דעם טייוולס שפיל אין „קאַץ און מויז״,
די אונטערוועלט פאַסט זיך אַריין.
פיל פליט דער העלד אין וואָלקן הויך,
דער באָדן איז אים ניט צו פעסט,
זעט צוקונפט אין אַ חלום־רויך:
אַ פאָלק פון טאַט אין פורפור־נעסט.
פון ים נאָך לאַנד זיך אָפּגעצאַמט,
און פרוכטבאַר אויף דאָס פרישע זאַמד.

XLVIII

מיט דעם מעפּיסטאָ ביי דער זייט
טוט אויף פיל וואונדער דייטשלאַנדס העלד.
ווען פאָלק מיט קייזער האָט אַ שטרייט,
רעוואָלט ברעכט אויס, האָט ניט פאַרפעלט
דער פאוסט, מיט הילף פון צויבערקונסט,
די פיינט צו שלאָגן רוק און לענד.
ווערט פירסט, צום לוין, אויף לאַנד פון דונסט.
גאָר טעטיק אויך די שדים־הענט.
פיראַטענטום האָט זיך צעבליט,
מען ברענט און מאָרדעט רעכטס און לינקס:
דורך בייזן גייסט אַ שטרעבן גליט —
דורכזיכטיק ווערט דער דייטשער ספינקס.
נאָר ווער דעם שטן האַלט אין שטוב,
דעם גראָבט דער שטן אויס זיין גרוב.

XLIX

ס'האָט דייטשלאַנדס גרעסטע דיכטערקראַפט
אונטער אייגן הימל ניט געקענט
פאַר דייטשלאַנדס זון אין טייוולס האַפט
געפינען היילונג. זיך געווענדט
ער צו דער אַלטער געטערוועלט
פון גריכנלאַנד — פאַנאַסיי.
העלענענטום מיט אויסלייז קוועלט!
שוין דער גן עדן שטייט דיר פריי.
פאַרגעסן איז דער אַלטער גאָט,
וואָס האָט פאַרטרויט זיין מענטשנקינד
דעם שפּיל פון טייוול, זיין באַראָט,
און אונטערוועלט קויפט אויס די זינד!
דער עוואַנגעליום זינגט אויך צו
ווען זינדיקער געפינט זיין רו.

L

יאָ, ס׳האָט דער דיכטער וואונדערבאַר
אין פאוסט פאַרקערפּערט די עסענץ
פון דייטשן גייסט. דו קריגסט דיין שכר,
אַ זינדער, מיט מלאכים־טענץ,
ווען נאָר נאָך זינד צו ט אַ ט דיין רוף.
פון קיין חרטה וויים ניט פאוסט
אויף אַלע זינד פון תאווה־גוף,
ווען ער מיט טייוול נאָנט געהויזט,
ווען ער מיט אים האָט אַלץ פאַרניינט
אין ש ט ר ע ב ן, זיך צום ווּאוילגענוס.
זיך ניט געקימערט ווען געוויינט
זיין קרבן. יאָ, אין לעבנספלוס,
צום הויכן ציל, צום וויטן זיין,
מעג וועלט פאַרגיין אין צער און פיין.

LI

„עס אירט דער מענטש ווי לאַנג ער שטרעבט״,
זאָגט צו מעפיסטאָ געטעס גאָט.
„באַגיין פיל זינד ווי לאַנג מען לעבט,״
טראַכט דער פיליסטער שוין מיט שפּאָט.
דער איבערגאַנג איז בלויז איין שריט.
דער טייוול שטייט אויך ביי דער זייט.
דו ווערסט פון אים אויך אָפּגעהיט,
האָסטו אין וועג מיט וועם אַ שטרייט.
און ווען דיין וועלט דורך קריג געפירט,
חללים פאַלן דיר צו פיס,
האָסטו אין דינסט דעם שטאַט געצירט,
מיט טייוול־שפּרוך דיר קיין זאַך מיאוס.
און אויב פאַרשפּילט, האָט דאָס דער שד.
צו אַרבעט, טאַט — און ריין דיין בעט!

## LII

ווען ס׳טרעפט: די זון שטראַלט הויך אַרויס
פון בערנער הימל — פרילינג־קראַפט,
און אָנגעלאָדן דו מיט ברויז,
מיט דער נאַטור וואָלסט מיטגעשאַפט,
דאַן ציט דיך אין ברעמגאַרטנוואַלד.
דו ווערסט אַ קינד אויף דעם שפּאַציר.
דו עפנסט מויל. אַן עכאָ שאַלט.
דערשראָקן וועווריק בליקט אויף דיר.
ער איז אין וועג צו זוכן שפּייז,
און דו געשטערט אים אין זיין מי.
ווילסט אים באַלויגען — וואָס דיין פּרייז ?...
דו גיסט דיין האַנט צו אים אַ צי.
ער בליקט אַריין: זי׳ז אָרעם, לער —
זיין פוכיק עק צו דיר אַ קער!

## LIII

געווען דאָס אַלץ וואָס דו פאַרמאָגסט
אין אָט דעם וואַלד מיט זיך אַליין.
דיין ברויז, וואָס דו מיט זיך איצט טראָגסט,
איז ניט קיין שפּייז פאַר אים, אָ ניין.
ניט לער געווען דיין לערע האַנט,
דאָך אָפּגענאַרט איז ס׳ווען ווען וועק.
אין אומשולד פילסטו טיף אַ שאַנד —
פון וויטן שימערט נאָך זיין עק.
ווי פיבריק איז דעם וועווריקס טאָג!
זיין אייביק זוכן שפּייז, אַ נוס.
דער וואַלד איז קאַרג. נאָך מער אין פלאָג
איז חיה׳לע ביים ווינטער־גרוס.
נאָר קלוג באַזאָרגט האָט עס נאַטור:
פאַרגראָבט זיין שפּייז, פאַרלירט ניט שפּור.

LIV

יאָ, וואונדערלעך די סודות־וועלט!
וואו נאָר דו בליקסט איז טיפער זין,
אַז איבעראַל זעסטו עס קוועלט
מיט חכמה, שוץ פאַר יעדן מין.
דאָס חיה׳לע, מיט פוכיק עק,
געבענטשטער איז פון מענטש אַליין;
אינסטינקט פירט שטענדיק עס אויף וועג
פון שוץ, פון זאָרג פאַר זיין געביין.
עס ווייס זיין ציל, עס קען זיין מאָס,
זיין ווינטער־שפייכלער — ניס געציילט.
דער מענטש זעט קיינמאָל פול זיין כוס,
זיין וועג איז בלינד, זיין ציל פאַרהיילט.
און ווען ער שטעלט שוין פעסט זיין טריט,
פון ברודער־מאָרד נאָר נאָך ניט פאַרהיט.

LV

דער מענטש איז שוואַכער אויף דער ערד
פון יעדן וועזן פאַר זיין בליק.
פון קנאה־שנאה טיף גענערט,
אין הערשאַפט־לוסט און יאָג נאָך גליק,
פלאַנט ער צעשטערונג פון זיין מין,
וואָס קרייצט זיין וועג אין אייגן גאַנג.
עס זומט אַרום די האָניק־בין
און שטעכט דעם מענטש אין אייגן דראַנג.
פערפעקט, אים שיינט, איז חיה־וועלט,
אַזוי געוויס מיליאָנען יאָר.
נאָר מענטש — אַ תיקון רק אים פעלט,
פאַרגיסט ער בלוט פון דור צו דור.
יאָ, שאָפּענהויערייש איז היינט
מיין העלד געשטימט. די זון נאָך שיינט.

## LVI

ס׳האָט קיינער קיינעם ניט געשטערט.
אַזוי קאָלאָניע פון דעם „רוס״
ווערט שטענדיק הייס און זאַט גענערט
מיט גייסטיק שפּייז. און איין גענוס:
אַ רעפעראַט. נאָר ברען פאַרביי.
אפילו ווען עס רעדט אַמאָל
דער „קאָפּ״ אַליין פון אַ פאַרטיי,
די אוידיענץ שווין קליין אין צאָל.
נאָר עפּעס ניי האָט היינט פּאַסירט.
און אויפגעוואַכט פון הינערפלעט
דער עולם. זע, ס׳ווערט רעקלאַמירט
אַז אַבראַמאָוויץ — זיידע — וועט
פאַרלעזן זיינע ווערק אַליין —
און ווער צום אָוונט וועט ניט גיין?!

## LVII

קאַפּע דע ז׳אַלפּ אין איבערפלוס!
יאָ, רוסלאַנדס פילע פעלקערס זין
פאַרטראָטן האַרציק דאָ: דער רוס,
גרוזין, לאַטיש, דער אַרמיאַנין,
און יעדער איד מיט יום־טוב פרייד.
דאָס האָט געצייגט, אַז פּאָפּולער
איז זיידעס נאָמען וויט און ברייט
אויף רוסלאַנדס ערד. מען פילט באַגער
צו זען דעם אַלטן פּאַטריאַרך
פון אידישער ליטעראַטור,
דעם וואונדערשפּראַץ פון אידנס מאַרך,
געפירט אויף קליאַטשעס אייגן פור.
און אָט דער זיידע — מאַיעסטעט!
אַ ברכה מאַכן ווען ער רעדט.

LIX

אין גאַנצן ווייס. טרעט ברוסטיק גלייך.
די אויגן פינטלען ווי פאַרבלענדט.
סטודענטן... אויסלאַנד... וואָס איז שייך...
דאָס ליכט אַ ביסל צו העל ברענט...
ווערט אויפגענומען אָן אַפּלויז,
ווי אַ פּראָפעסאָר וואָלט דערשיינט.
דאָ שטייט דער זיידע — ווייסע רויז.
און ער — עקזאַמען ביי אים היינט...
און די הקדמה... קאָנגרעסדייטש!
(ס'וואָלט רוסיש מער געווען אויף אָרט.)
דער משכיל פילט ער מוז אַ טייטש
נאָך געבן צו זיין קינסטלער־וואָרט.
ער לעזט די „קליאַטשע״ מיט געשמאַק,
צעקייט דאָס וואָרט מיט צונג און באַק.

LVIII

„אָ, ווענמען זע איך ?! פריינט פּעטראָוו!
האָט בייגיר אייך אַהער געבראַכט ?״
רופט אויס מיין עזרא, ווען ביים סוף
האָט פון אַפּלויז דער זאַל געקראַכט.
ער האָט זיין פריינט פון גרענעץ אָן
פון וויטן דאָ אַמאָל געזען.
אין שטודיום ער גאָר שטאַרק פּאַרטאַן,
די אַרבעט האַלט אים פעסט אין פּלען.
און זעלטן וואַרעם איצט דער רוס,
די פלאַם אין אויג נאָך שטאַרקער גליט.
נו יאָ, געוויס, ס'איז אַ פאַרדרוס
וואָס ווייניק צייט, מען זעט זיך ניט.
פון גרענעץ־פריינט גאָר אָפּט געטראַכט —
און ביידע שפּרייזן אין דער נאַכט.

## LX

פּאָבעדאָנאָסצעווס בייזע מאַכט
איז סיבה פון זיין קומען היינט.
יאָ, אַבראַמאָוויץ — אַזאַ פּראַכט!
ווי קאָן מען האָבן אידן פיינט?!
ביי זיי אין פינצטערן סעמינאַר
האָט מען געפילט גאָר שטאַרק דעם סם
פון דעם סינאָד, דעם זייל פון צאַר,
וואָס צינדט דאָס רוסיש האַרץ מיט פלאַם
פון האַס. איז מודה: ניט געקענט
דעם איד. אין שטאָט זיי קוים געזען.
און דאָ אַ שנאה רק עס ברענט
צום אידיש פאָלק... פאַרוואָס? פאַר ווען?
האָט ער געזאָגט: „דו מוזט דערגיין.
שטודיר דעם איד. דו מוזט פאַרשטיין.‟

## LXI

ווען רוסיש האַרץ איז אָפן, גליט
פון דאָרט אַ ווידוי־פלאַם אַרויס:
ער האָט געקענט דעם ביבל־איד,
וואָס אין ס׳יאַן געווען גאָר גרויס.
נביאים שיר דאָס גאַנצע פאָלק...
דער גרויסער לערער מאָאיסעי...
נאָר שווער דערגיין איז דאָ אַ טאָלק
וואָס פאַר אַ שייכות מ י ר מיט זיי...
געוויס, די ביבל ווערט דאָך שוין
פאַררעכנט שיר פאַר ס׳אייגנטום
פון קריסטוס־וועלט. די העכסטע קרוין
פון מענטש און גייסט. די שענסטע בלום
אין גאָרטן פון ליטעראַטור —
געזוכט אין אונז פון דאָרט אַ שפּור.

LXII

געשטראָמט די רייד פון גוטן רוס,
מיט אָוונט ווייט און נאָנט געפּאָרט.
(ער האָט געהאַט גאָר גרויס גענוס,
כאָטש קוים פאַרשטאַנען ער אַ וואָרט.)
נו יאָ, ווי קומט ער דאָ אַהער ?...
פון לאַנג געוואָלט דעם איד פון היינט
דערקענען. שטאַרק געווען באַגער.
האָט ער געהערט, אַ גוטער פריינט
האָט אים געזאָגט, אַז שרייבער גרויס
האָט ס׳פאָלק אין אידיש. איבערזעצט
אין רוסיש גאָלדן שפּליטער בלויז.
האָט ער פאַרשלונגען זיי. באַנעצט
די בלעטלעך אַזש מיט טרער פון פרייד :
אַזוי פיל חכמה, קלוגע רייד.

LXIII

דער אַבראַמאָוויץ... יאָ, און פרוג.
אַ דיכטער אמת ביבליש גרויס.
דאָס רוסיש — אַן עקזאָטיש קרוג
פאַר אידיש ווייַן. דאָס מאַכט ניט אויס.
דער הומאָריסט — ווי הייסט ער דאָרט ?...
שלום עליכם... וואונדערבאַר !
מיט טרויער שפּילט זיין ליכטיק וואָרט.
דער איד — ניט גאָגאָלס אַרענדאַר.
עס לעבט אַ פאָלק אין טיפער נויט,
די צרות גייט ער ווי פאַרביי,
שפּייזט זיך מיט וויץ ווען ס׳פעלט אויס ברויט,
נאָך יעדן פאַל לעבט ער אויף ס׳ניי.
האָט ער שטודירט און אונז דערקענט,
פאַר זיך אַליין זיך טיף פאַרשעמט.

LXIV

דער ווידוי פון דעם גוטן פריינט
מיין עזראַ'ן האָט גאָר טיף געריירט;
אַ פאָלק אין חושך ליכטיק שיינט,
דעם אמת דורך געוויסן שפּירט.
אָט שטייט פאַר אים אַ טיפּ אַ רוס,
אַ פּראַוואָסלאַוו פון טויזנט יאָר,
געקענט דעם איד פון דברי שטות,
אַ יענקל קרעטשמאַר, שלעכט ביז גאָר.
נאָר ביבל האָט אים רייך דערציילט
פון אידן אויף אַן אייגן לאַנד;
דער וועלט פּראָפעטן אויסגעטיילט,
אַליין פאַרשטויסן און צו שאַנד.
„האָט ער שטודירט און אונז דערקענט" —
צום אָפּשייד פעסט געדריקט די הענט.

LXV

ס'פילט זיידע היינט גאָר וואונדערבאַר,
ווי יוגנטלעך זיין בליק, זיין טראָט!
דער קרייז סטודענטן שוין זיין שכר,
דער משכיל זעט די פּרוכט פון זאָט.
און וואַרעם, האַרציק, אידיש נאָנט
די אייניקלעך. דאָס פּנים שטראַלט.
זיין יעדער שריט און קער באַטאָנט
אַז נאָר פאָרויס ליגט וועג. קיין האַלט.
יאָ, טיף בטחון, ניט גראָד האָף,
איז שטאַרקע מידה פון דעם איד.
געקנאָטן זיידע פון דעם שטאָף,
דער נצח אויף זיין פּנים בליט.
און ווען מיט יוגנט ביי דער זייט,
פלעכט ער אין עולמית די צייט.

## LXVI

מיין עזרא נאָנט צום יידן קלעפּט
דורך אַלע טעג פון זיין באַזוך,
פון פּקחות־קוואַל אין יראה שעפּט,
דערהויבונג פון זיין יעדן שפּרוך.
און זע, גאָר הויך אַן אָרעאָל
אַרום דעם יידן שוועבט אין גלאַנץ ;
יאָ, שוין זיין שטעל, זיין בליק, זיין קול,
געהאַלטן אַלץ אין אַ דיסטאַנץ.
אַליין אַ גניזה אידיש ליכט,
אַליין בראשית — וועלטן שאַפט.
ישראל סבא — זיין געזיכט,
די אייביקייט וואָס גיט דיר קראַפט.
אַזוי דורך יאָרן אַ געשטאַלט
מיט אור־בטחון אויף דיר שטראַלט.

## LXVII

דורך דורות שטאָל און הייס געפּרעגט
בטחון — שטראָמט אין אידנס בלוט.
קיין שטורעם שטאַרק האָט ניט געקלעקט
אָפּקערן אים פון זיין מאַרשרוט.
דערלייזונג איז דאָס גרויסע ציל,
די אומה איז דער פייערזייל ;
אין קאַמף מיט חיה׳שן געבריל
אין אייגן ווערט געשמידט זיין פייל.
דאָס איז די קראַפט וואָס אונז דערהאַלט,
דאָס איז די בחירה וואָס אונז קומט ;
און זעסטו סבא׳ס אַ געשטאַלט,
ווערט יעדער וואַקל איינגעשטומט.
יאָ, טיף אין עבר אונזער היינט,
יאָ, טיף אין עתיד קיום שיינט.

## LXVIII

ס׳האָט רייך בטחון זיך צעשפּילט
אין שאַפונג פון דעם אידנס גייסט:
אַ וואָרט, אַ קנייטש, אַ לאַך — געפילט
מיט האָפנונג צו דעם גאָט געפּרייזט.
דער גלות איז אַ רבי גרויס,
דאָס ליידן איז אַ קינסטלער־שול,
דורך טרער פון אויג קוועלט העל אַרויס
בטחון — אין דעם בעכער פול.
אַזוי דער זיידע אין זיין וואָרט,
דאָס אייניקל אין זיין הומאָר,
און אַלע קינדער דאָ און דאָרט,
מיט נצח אויף די ליפּן וואָר.
אַזוי געשטאַרקט גייט אונזער העלד
מיט הויפּנס ליכט אויף ברייטער וועלט.

## LXIX

און אָט דאָס אייניקל צוגאָסט:
שלום עליכם. אויפנאָם ווערט
באַלד צוגעגרייט ווי נאָר עס פּאַסט
פאַר אָט דעם קינסטלער. ס׳איז באַשערט
קאָלאָניע יענע טעג געווען
צו ווערן רייך און ברייט באַזוכט
פון גייסטער גרויס אין וואָרט און פען,
פון אידנס פעלד, פון רוסלאַנדס פרוכט.
דער קאַמף פאַר נייעם וועלטבאַנעם
נאָך בליט דאָ־דאָרט אין קליין לאָקאַל,
אַ רעפעראַט פון דעם און דעם,
פאַר פרייהייט דער סטודענטנבאַל.
דאָס וואָרט פון קונסט מער פּאָפּולער
אין דער געדריקטער אַטמאָספער.

## LXX

עס שפּרייזט מיין העלד צו דעם האָטעל,
וואו ס׳שטייט זיין ליבלינג־קינסטלער איין.
עס האָט באַגריסט אים שוין ביים שוועל
אַ ליבער שמייכל: „קומט אַריין!״
עס פרייט דעם גאַסט וואָס אַ סטודענט
אין אידיש וואָרט האָט אינטערעס.
און באַלד דער שמועס זיך צעברענט
אַרום דעם וואָרט, דעם גרויסן נס.
זיין אייגן וואָרט — נו יאָ, הומאָר,
די קינדער־מעשה׳לעך, געוויס;
אַליין — אים ציט צו ערנסט גאָר,
און דאָס ביי אים איז קיין קאַפּריז.
נאָר ס׳פאָלק ביי זיך האָט אָפּגעמאַכט,
אַז וואָס ער שרייבט, מוז זיין געלאַכט.

## LXXI

די גרויסע אויגן, קלוג און העל,
אַדורך דיברילן שיקן בליץ.
אין אומעט לויכט אַ קינסטלער־זעל,
און באַלד אין הייטערקייט אַ וויץ.
עס צערטלט מענטש דאָס גרויסע בילד,
דעם קינסטלער מיט דעם וייטן שם.
און דאָך באַשיידן. האַרציק. מילד.
אַ קנייטש, אַ לאַך — און דיך אַ נעם!
עס פאַלט זיין וואָרט ניט פון פּאַרנאַס,
ער וויגט דיך לייכט אין מוטערשויס.
און אַלץ מיט שפּיל, געלייטערט שפּאַס,
קיין פיבער פון דעם רויש־אַפּלויז.
„יאָ, אונזער אידיש — מלא חן.
איז צייגט מיר שוייץ. מ׳זאָגט, זי׳ז שיין...״

## LXXII

אַרויפגעשטיגן גורטן־באַרג,
אַלאַ טוריסטן העלד און גאַסט.
מיט וואָרט דער גאַסט איז גאָרניט קאַרג,
מען שטייגט. מען רוט. ניטאָ קיין האַסט.
און אָט שויןביידע אויף דער שפּיץ:
אַ פּאַנאָראַמע אויף דער האַנט.
אין רעסטאָראַן, באַקוועם אין זיץ,
זיין וואונק: „נישקשה פון אַ לאַנד...
נאָר וואָס דעם בורא וואָלט געאַרט,
ווען ער די אידן טיילט עס צו...
פאַרשפּאָרט דעם טערק... געפּלאָגט, געוואַרט...
דער וואַנדערער האָט אויך זיין רו."
און טיף פאַר׳חלומ׳ט ווערט זיין בליק —
געהילט אין זיך אויף וועג צוריק.

## LXXIII

געבענטשט די שעה ווען אין באַריר
קומסטו מיט קינסטלער. דיין געמיט
קריגט פליגל. ווען אויך ס׳טונקלט טיר
צום היכל, שפּיגלען דיינע טריט.
מיין עזרא האָט אין יענע טעג
געטראַכט גאָר וועניק פון זיין פּען;
דאָס וויסן ווייס ניט פון אַ ברעג,
און דיין פאַרמאָג — די פינגער צען.
ווי אָרעם קוקן זיי דיר אויס
אין אָנגעזיכט פון פלאַטאָ, קאַנט.
פאַרזונקען טיף, שווער דיר אַרויס
צום אייגן ברעג, דיין אייגן לאַנד.
און אָט אַ בליץ, אַ וואָרט — עס לעבט,
און שוין דיין זעל אין הימלען שוועבט.

LXXIV

און וואָס געשאַפֿן דאַן מיין העלד
ניט וויכטיק צו פֿאַרצייכנען דאָ.
ער האָט געפֿילט, ס'איז דאָ אַ וועלט,
וואָס ער קאָן קויפֿן אין זיין שעה.
און פֿריידיק אים אַ רגע איצט,
אַ שפּליטער־פּונק פֿון זיין פֿאַרמעסט.
ער ווייס: אַ ברעקל איינגעקריצט —
און ווענט זיך ברוסטן דיר אַ נעסט.
ער ווייס: דאָס וואָרט אין אייגן קלאַנג
מיינט תּיקון פֿאַר דיין דאָאיק זיין.
זאָל קייטלען זיך דאָס שטיל געזאַנג
צו יענער שעה ווען וועלט איז דיין.
און ווען אויך איינזאַם דער אַקאָרד,
אַ רחבֿות אין דעם קלאַנג פֿון וואָרט.

LXXV

יאָ, גלויביק איז מיין העלד געווען,
אַנטוישונג וועניק נאָך געהאַט.
אין מענטש־באַריר נאָר פֿרייד געזען —
עס האָט אים דאָס נאָך ניט פֿאַרשאַדט.
ער האָט געקליבן זיינע פֿריינט,
און יעדער זיין האָט דאָס געקאָנט.
און איז געקומען איינער היינט,
מיט מאָרגן דאַרף ער ווערן נאָנט.
געציילט האָט ער די מאָרגנס פֿיל,
און נענטער זעלטן אַ געזיכט,
וואָס וואַרמט האַרץ, אָן ווערטער, שטיל,
און שענקט אַן אוצר דיר מיט ליכט.
יאָ, גיין אַליין געווען באַשערט
מיין עזראַ'ן אָפֿט אויף קאַלטער ערד.

LXXVI

ס׳האָט פריינטשאַפט זיכער ניט געפעלט
אין דער קאָלאָניע דאָ און דאָרט ;
איז מען דאָך קינדער פון איין וועלט,
ווען אויך אין קאַמף אָפט שאַרף אַ וואָרט.
און דאָך שיר עלנדקייט געבליט
אין יעדן חדר פון סטודענט ;
מיט פרייד פאַרנעמסטו נאָנטע טריט,
געזאַנג קלינגט אויף פון צווישן ווענט.
דער כיבוד רייך אַ גלעזל טיי,
אַ צובייס. הונגריק איז אַ פריינט.
בחורים, מיידלעך — ווען נאָר צוויי,
האָט הייטערקייט באַלד אויפגעשיינט.
דיסקוסיעס פירט מען דאָרט אין זאַל,
ביי זיך — חברים גלייך, עגאַל.

LXXVII

עס האָט אַ בחור, בלאָנד און יונג,
פון רוסלאַנד שטורם מיטגעבראַכט ;
מיט פלאַם אין ברוסט און טרייסט אויף צונג,
געזונגען לידער טאָג און נאַכט.
דאָס שטודיום ניט געווען זיין ציל,
בראָדיאַגן נאָנט צו זיין געמיט ;
איז שווייץ פאַר אים מאָמענט־אַזיל,
נאָר רו קיינמאָל פאַר זיינע טריט.
זיין האַרץ פאַר ציון האָט געפלאַמט,
פאַר וועלט : אַנאַרכיע פונקט די מאָס.
ער האָט זיין שטורם ניט געצאַמט,
געגאָסן פון זיין צאָרן־כוס
אויף קאָפּ פון דעם אַסימילאַנט,
וואָס איד אין זיך געמאַכט צו שאַנד.

LXXVIII

און פול קאָלאָניע שוין געווען
מיט ברויז פון בחור, דעם בונטאַר.
געגומען פרויען לייכט אין פלען,
געוואוסט צו שטילן זייער צער.
יאָ, ליריש, ווייך, סענטימענטאַל —
געקאָנט אויך האַרט און טראָציק זיין.
און איינמאָל אויף דעם ניי־יאָר באַל
מיט העלדישקייט דערלאַנגט אַ שיין.
ווען איד אַ יאָלקע האָט געשטעלט,
האָט זי גאָר באַלד אָן וואַנט געקראַכט
דורך זיינע הענט. אַ האָר געפעלט
אַ שרפה... טומל יענע נאַכט
אין דער קאָלאָניע. שיר געשלעג.
געמיטער הויך אַרויס פון ברעג.

LXXIX

די נאַכט אין בובענבערג קאַפע.
סטודענטן פלאַמיק נאַציאָנאַל.
מען רעדט פון אייגנס און פון „זיי״,
עס קאָכט מיט יאָלקע דער סקאַנדאַל.
נאָר וואָס געקומען אַ שטאַפּעט,
דער עקזאַלטירטער ש — —שטיין,
דערציילט: בונטאַר האָט שיר געפּלעט
דעם קאָפּ פון גראָבן ריז... אָ ניין!
האָט ניט דערלאָזט ס׳זאָל רינען בלוט.
נאָר אַ באַליידיקטער בונדיסט
געליאַרעמט הויך: „איך וועל דעם ברוט!...
אַ תל פון אים!... דער ציוניסט!...״
ביים ליידיק גלאָז פון שוימיק ביר
נאָך לאַנג צום היצן זיך קיין שיר.

LXXX

אין יענע טעג גענומען שאַרף
האָט מען דעם קאַמף אין קלענסטן פּרט.
ס'האָט קיינער ניט געשפּילט אויף האַרף
דעם געגנער. יאָ, געטייטשט דעם פשט
צום מענטשדערלייז האָט מען מיט ברען.
געפעלט אַ וואָרט אין לעקסיקאָן :
די טאָלעראַנץ. האָסט צוגעזען
ווי ס'האָט אַ פירער פון זיין טראָן
דאָס וואָרט „טאָוואַרישטש" ניט געשענקט
אַ קעמפער פון אַן אַנדער מין.
מיין עזרא'ן טיף האָט דאָס געקרענקט.
און קאַמף געווען אין גלייכן זין,
צום איינציק ציל : אַ פרייע וועלט,
אָן קלאַסן און אָן גאָט פון געלט.

I

דער גענפּער זעע — לאַק לעמאַן,
ווער האָט דיין נאָמען ניט גערימט ?!
פון עקן וועלט לויפט־רוישט די באַן,
צו דיר דאָך איינע גאַנץ באַשטימט.
און איינע האָט אַהער געבראַכט
מיין העלד אין שטילן איבערבייט.
שטייט ער פאַרכאַפּט אין זוניק פּראַכט,
מאָנבלאַן באַגריסט אים פון דער ווייט.
פון אַלפּנבערג זיין מאַיעסטעט
הויך ברוסטיקט זיך אין שנייאיק ציר,
די אייביקייט אין ווייסן בעט
אַ הימל־שמייכל האָט פאַר דיר.
און אין דעם שמייכלס גאָלדן קלאַנג
שויך שפּילט די זון איר לייד־פאַרגאַנג.

II

אויב ווער געזען האָט אַלע ים׳ען,
פון אַלע וואַסערן דעם קאָליר, —
אין טויזנט כישופן צוזאַמען
שפּילט לאַק לעמאַן זיין רייץ פאַר דיר.
דו שטייסט ביים ברעג גאָר טיף באַנומען:
די שפּיגלונגען פון לופט און וועל!
קאָן דאָ אַמאָל געוויטער קומען,
אָט דאָ, וואו ס׳שפּיגלט זיך דיין זעל?
קאָלירן גייען אויף אין קלאַנגען,
מיט שפּראַך לעמאַן ווערסט אָנגעפּילט.
שטייסטו אַן אייביקייט געפאַנגען,
אַקאָרד אין דיר ווערט ניט געשטילט.
עס שניידט דיין אויג דעם טיפן בלוי —
קאָן ערגעץ־וואו נאָך זיין וואָס גרוי?...

III

זע, דאָרטן ציען זיך די בריקן
ביים אויסגוס פון דעם רהאָנע־טייך.
און געגנף, די שטאָט פון פּראַכט, אַנטיקן,
אויף ביידע ברעגעס צירט זיך רייך.
אַ שטאָט, וואָס האָט געקענט די רוימער,
וואו קאַלוויניזם זיך צעבליט;
וואו קע מאָנבלאַן מיט אירע בוימער
פאַרלענג דער אָזעראָ זיך ציט.
וואו ס׳האָט ניט איינער זיין געוויסן
אַהער געבראַכט צום שוץ, אַזיל;
וואו אַלץ רופט צו: קאָנסט פריי געניסן,
צי קאַמף, צי שטודיום איז דיין ציל.
ס׳האָט רוסלאַנדס קאַמף דאָ פעסט קוואַרטירט,
די צאַרן האָבן דאָס געשפּירט.

IV

ביים רהאָנע־אויסגוס רוט אַן אינזל,
דער ווינקל פון זשאַן זשאַק רוסאָ.
(פיל שרייבער, מאַלער פען און פּינזל
פאַר קונסט געצערטלט דאָ אַ שעה.)
אָט דאָ האָט גענפס אַנפּאַן טעריבל
אין אומרו אָפּט זיין צייט פאַרבראַכט,
פאַרקלערט רעוואָלט, דערציאונג־ביבל —
„עמיל״, וואָס צרות אים געבראַכט.
באַקוקט מיין העלד דעם שטילן ווינקל,
וואָס האָט אַ קעמפער אינספּירירט.
פון צווישן שאָטנס גיט אַ פינקל...
די אייביקייט האָט זיך איר פלירט.
און נאָבל פליסט דער טייך לע רהאָן,
דער אינזל דינט אים ווי אַ טראָן.

V

פון כמורנעם בערן אין שטאָט פון ליכט
פילסטו דעם איבערבייט מיט פרייד.
און ווען ניט ניי איז דאָ דיין פליכט,
שפּילט ניי פאַר דיר אַ הימל ברייט.
פראַנצויזיש גייסט, מאַניר און שיק,
פון דעם טייטאָנישן קיין שפּור;
פאַראייניקט דאָך איז פאָלק אין גליק,
ווען אויך געטיילט דורך שפּראַך, קולטור.
יאָ, ס׳גלאַנצט נאָך וואו פּאַטריציערטום
פון אַלט העלוועציאַ. שטיל אין טאָן.
ס׳בליט פשטות. אָט די שווייצער בלום.
דאָס פאָלק האַלט פעסט דעם אויבנאָן.
געשיכטע ווערט פאַרשטענדלעך דאָ:
פאַרעל און קאַלווין, אַ רוסאָ.

VI

מיין העלד געקומען איז אַהער
אפשר פיל מער קאַפּריז צוליב.
דאָס שטודיום נעמט ער ניט צו שווער:
געפאַנגען שטענדיק פון אַ טריב
געשטאַלטן וועלט פון זיך אַרויס
און ניט נאָר נעמען ווי זי קוועלט,
האָט ער קאָנטורן, קליין און גרויס,
פאַנטאַסטיש אין דער לופט געהעלט
מיט יוגנט־פלאַם. געטרוימט אַז צייט
וועט קומען פאַר באַהעפט מיט טאַט,
פולענדונג. אים האָט איבערבייט
פון טרוים צו וואָר, געשטאַלט און פשט
געשראָקן שיר. געשפּרייזט דאָך גלייך,
מיט אייגן הימל אַלס זיין רייך.

VII

דער אייגן הימל — וואו און ווען?...
בלינקט ער פון ווייט?... שטראַלט ער פון נאָנט?...
וועט ער זיך צינדן אין זיין ברען?
צי עקשנ'ט זיך דער האָריזאָנט?...
געוויס, עס איז אין זיין רשות
צו מאָלן צוקונפט ווי ער וויל.
באַצווינגען לעבן איז קיין שטות.
די רעדער דרייען אין דער מיל
פון דאָזיין — האַנט מוז זיין געשיקט.
און דאָ ביסטו נאָך אַ סטודענט,
מיט חכמה־וועלט קיין שאַרף קאָנפליקט,
נאָך האָסטו אַדם ניט דערקענט.
און דאָך שוין פלעכט דיין אויג אַ בריק,
און שטראַלן וואַרפן צו די שטריק.

VIII

אין דעם פעריאָד ווען דיינע יאָרן
מיט אייגן האַנט טרייבסטו אין ראָד ,
צו כאַפּן פריש וואָס ווערט געבאָרן
מיט אָנקום פון אַ טאָג אין גנאָד ;
ווען דו ניט מערקסט ווי טעג פאַרשווינדן,
וואָס לאָזן איבער ניט קיין שפּור,
ווען נייע ליכטער ווילסט רק צינדן,
און ראַשיק קלאַפּט פאַר זיך די אור ;
ווען דו ניט קלערסט ווי ס'ווערט פאַרלאָפן :
דאָס ערנסט, שפּיל, דערגרייך און פעל,
די אוצרות, וואָס דיין אויג פאַרשלאָפן,
די כוחות, וואָס געמאַכט צו תל, —
אין אָט דעם שפּיל פון יוגנטדראַנג
ווערט רייף אין אוצר : דיין געזאַנג.

IX

געוויס, מיין עזרא האָט געזונגען
אין פערזן, פּראָזע, לויט געמיט.
פון וואָר צו חלום אומגעשפּרונגען,
אין פלאַמען עפּטער זיינע טריט.
פאַרלאָזט אַמאָל דאָס הויכע וויסן :
אַ צייטיק קרבן דעם אַלטאַר
פון שאַפן, שפּיל און פון געניסן
דאָס לעבן מיט זיין פלירט און צער.
פאַרבליבן שטענדיק ער דער טרוימער,
דאָס קינד פון ליטע און אָדעס ;
געלאָקט אים בלומען, פעלד און בוימער,
די בערג, דער מענטש, און — ניט פאַרגעס ! —
דער פרייהייט־קאַמף, אַ רעפּעראַט —
דאָס האָט אים כלל גאָר ניט פאַרשאַדט.

X

אין געגנף האָט זיך די רוס־קאָלאָניע
פון בערנער וועניק אונטערשיידט,
אויך דאָ פאַרטייען מיט איראָניע
פאַר קעגנקאַמף געווען גרייט.
אויך דאָ די רעדנער האָבן פיילן
געשאָסן אין דעם געגנערס קאָפּ,
אויך דאָ מיט שיך פון זיבן מיילן
געשפּרייזט דעוויז „דער צאַר אַראָפּ!"
דאָ לאַנג „געקיניגט" האָט פּלעכאַנאָוו,
פון געגנער אויך גאָר טיף געערט,
גערעדט פון הויך, ניט מעשה עניו,
ווען שאַרף געשניטן מיט זיין שווערד
פון דיאַלעקטיק צווייטן צד —
די היץ אין קאַמף געקענט קיין גראַד.

XI

סטודענטן־לעבן אין דער שווייץ!
עס שטראָמט דער ים, באַלד אָפּפלוס ציט.
דו ווערסט פאַרכאַפּט פון שטאַרקן פלייץ,
דער אָפּפלוס שלעפּט די זעמדלעך מיט...
יאָ, אָפט דאָס וואָרט ברענט דיר אויף צונג
ווען גרויסע מייסטער קרייצן שווערד,
נאָר ס'פּעלן פליגל פאַר דעם שפּרונג
צו ווערן הויך אַליין געהערט.
דו ביסט אַ סטרונע אויף אַ האַרף,
וואָס יעדנס פינגער זי באַרירט,
און טענער קלינגען אויף גאָר שאַרף,
פון קיינעם ניט געהערט, געשפּירט.
אין גאָלדן רייץ פאַרגייט די זון,
דער מאָרגנרויט האָט מער דערפון.

XII

מײַן העלד אויך דאָ מיט שיבת ציון
פֿאַרנומען זיך אין נאָנטן קרײַז;
ניט אויפֿגעהערט אין אים צו טליען
דער רעיון פֿון דעם אידס דערלייז.
די צייט געווען איז אים ניט טייער
ווען אידעאַל געלאָקט, געמאָנט.
יאָ, שטענדיק עזרא, גלות און פֿייער,
געטריי געבליקט צום האָריזאָנט.
אַזוי געשטראָמט אין דראַנג אַ לעבן
פֿון אַ סטודענט מיט זאָרג פֿאַר כלל;
אין אַלץ זיין ברען אַריינצואוועבן
האָט ער געוואוסט, ווען אויך אַ שטראַל
פֿון אָנזאָג זיך באַוויזן קוים
דורך נעבלען פֿיל אין ברייטן רוים.

XIII

די איינזאַמקייט (דער לעזער ווייסט)
האָט אָפט מײַן העלד אין קלעם געקייט.
אין זעלכע שעה'ען וועט ער דרייסט
אַ וואָרף זיך טאָן אין שטח ברייט
פֿון שטאָט אַרויס: צום פֿעלד, צום וואַלד,
אַ קלעטער אויף אַ הויכן באַרג,
וואו ס'טרעלט דאָס יאָדלען, עכאָ שאַלט.
די לופֿט איז טיף. די לונגען קאַרג.
צי גאָר אַ רייזע אויף דעם זעע!
דיין אויג געשמידט צום שילאָן שלאָס.
מאַרטירער פֿיל דאָ זייער ווייַ
אַרויסגעטריפֿט צום בלויען כוס.
אַכט הונדערט פֿוס איז טיף זיין דעק —
און אייביק שיף שווימט שטאָלץ אַוועק.

XIV

אַהינטער אָט די גרויע ווענט
פון לאַנג באַוויינטן שלאָס שילאָן,
וואו קייטן האָבן קעמפער־הענט
פאַרצערט אין זשאַוור. וואו ס'האָט די פאָן
פון טיראַניי אַראָפּגעווייט
צום בלויען זעע, צום פריי געדאַנק...
אַהינטער, דאָרט, איז אָפט דער טויט
געווען פון גאָט שוין אַ געשאַנק.
אָט דאָ דער נאָבלער באָניוואַר
זעקס יאָר געשמאַכט אין בלינדן צעל,
דעם זיג געזען אין טיפן צער,
ביז פרייהייט־קול באַלויכט זיין שוועל.
לאָרד בייראָן האָט אַ שיין געדיכט —
און אָט דער שלאָס פאַר דיין געזיכט!

XV

אין אושי־האַפן, ביי לאָזאַן,
שטייגסטו אַראָפּ. פון גלאָז די ווענט.
עס צויבערט דאָ אויף יעדן שפּאַן,
אַ דיכטער זיין וואָלסטו געקענט...
יאָ, בייראָן דאָ זיין שילאָן־ליד
געשריבן אין אַ טאָג צי צוויי,
אַ הונדערט יאָר — קיין אונטערשיד,
נאָך קלינגט און זינגט דאָס וואָרט פון ווי.
דעם מענטשנס צער ווערט קיינמאָל אַלט,
דער פרייהייט־קאַמף יאָ אייביק ניי,
די ווענט פון תפיסה תמיד קאַלט,
דורך דורות שותפות טיראַניי.
דאָ שטייט מיין עזרא, דער פּאָעט.
ער זינגט אַמאָל... דער כישוף גלעט.

XVI

דער וועג ציט ווייטער. טיפער. הויך.
די שווייץ איז גרויס אין הימלרוים.
אין בערג איז פרייהייט לעבנס־תוך,
אַליין רקיע איז דער זוים.
דער אויספלוג היינט איז אָן אַ ציל,
דאָס שטייגן שוין ווערט דיר געבאָט.
עס ליאַשטשעט דיך אַ ווינטל קיל,
געלייטערט — נענטער ביסט מיט גאָט.
נו שטייגסטו העכער. ניט אַליין.
מיליאָנען וואונדער ביי דער האַנט.
עס פינקלט אויג פון גרויען שטיין
צו דיר גאָר מוטערלעך ביים ראַנד...
זעצסט זיך אַוועק און קוקסט אין טאָל:
אַזוי פיל שפּילצייג אויף אַ שאָל!

XVII

אַ פּאַנאָראַמע ווייט אַרום
האָט גאָט מיט קינסטלער־האַנט פאַרשפּרייט.
שטייסטו געפאַנגען, קליין און שטום,
דאָ שפּילט דער צויבער, לויכט די פרייד.
אַזוי געבענטשט איז שווייצערלאַנד,
אַז וואו אַ בליק — אַ נייע וועלט.
פאַרלאָזט מיין עזרא שטיין און ראַנד,
און ווייטער, העכער טריט געשטעלט.
און זע... אַ שטיבל איינזאַם קוקט
אַראָפּ צו אים דאָרט פון אַ זייט...
אַ שוואַרץ געשטאַלט... אַ שאָטן שפּוקט...
זעט ער עס נאָענט?... זעט ער עס ווייט?...
און עזרא פילט אַ קלאַפּ אין האַרץ:
איז דאָס אַ נאָנע?... פרוי אין שוואַרץ?!...

XVIII

עס שפּרייזן־ברענען זיינע טריט.
אַהין!... ווער איז אַט די געשטאַלט?...
געדאַנקען פליען. שטערן גליט.
עס איז אים הייס... עס ווערט אים קאַלט...
ער וויל ניט טראַכטן: קאָן זיין זי?!...
דאָס מיידל, וואָס געקרייצט זיין וועג
אין בערן?... יענער צופאַל, יענער פלי
קיין אינטערלאַקן... יענע טעג
פון שטילן אומעט... שאָפּענהוי׳ר...
און די באַקאַנטשאַפט דורך אַ טויט...
דאָס מיידל אין איר שטומען טרוי׳ר —
אַ רגע פריינטשאַפט אין אַ נויט.
ווי לאַנג אין דעם?... שוין באַלד דריי יאָר.
און ווידער חלום אויף דער וואָר?!...

XIX

דער וועג געשלענגלט פירט אַרויף
דורך זאַמדיק טרעפּלעך צו דעם הויז.
דער אָטעם קורץ אין שפּרייז און לויף,
אין אויער פייפט, אין האַרץ אַ ברויז.
ער גייט אויף שטעקן אָנגעלענדט,
די אויגן זוכן וואָס אין זאַמד...
די נייגיר שטייגט, די נייגיר ברענט —
און ערשט געזעסן ביי דעם ראַנד...
אויב דאָס אַ בלענדעניש געווען,
און ווידער די פאַנטאַזיע נאַרט,
מוז די געשטאַלט ער גיכער זען...
שוין זיצט זי דאָרט ביים הויז און וואַרט...
עס שטראָמט צו אים אַן אומעט־בליק —
אַרויף, אַרויף! ניט מער צוריק!

## XX

יאָ, דאָס איז זי... ער וואָלט געשוואָרן.
דאָס מיידל פון דעם טויטנפאַל...
שטייט ער פאַרשעמט, שטייט ער פאַרלאָרן
פאַר אָט דער זעל אין כף־הקל...
ער האָט פאַרגעסן צו באַגריסן,
צי אָטעם האָט אים אויסגעפעלט.
אַ פאָדעם לאַנג זיך אָפּגעריסן —
און דאָ אַ ברעג ביי דעם געצעלט!...
זי קוקט אים אָן מיט טריבע אויגן:
זיין מאָרגנגרוס?... זי וואַרט און בליקט.
שטייט ער אין אומשולד איינגעבויגן
און עפּעס פּרעסט אים, עפּעס שטיקט...
פון „ברעג״ אַ וואָרט יאָ ענדלעך פאַלט —
דער כף־הקל האָט מיטגעשאַלט.

## XXI

„נו זעצט זיך״, האָבן אירע ליפּן
אַרויסגעציילט, „אויף באַנק אָט דאָרט...״
און עזרא פילט דורך זיינע ריפּן
גייט דורך אַ סקרוך פון יעדן וואָרט.
„איך זע, איר קוקט מיך אָן מיט שטוינען:
דאָס זעלבע ווען מיט קאַפּריז.
ס׳האָט בורא מיך געוואָלט באַלוינען
מיט דעם בית עולם־פּאַראַדיז.
אַ יאָ, דאָס איז דער שענסטער ווינקל
געוויס פון גאַנצן קוגל ערד?
ס׳האָט פרייד אַמאָל געטאָן אַ פינקל,
נאָר ניט אויף לאַנג געווען באַשערט.
געווען אַ צייט ווען כ׳האָב די טראַכט
פאַרביטן העל אין חופּה־נאַכט.

## XXII

„געקומען איז ער ווי פון הימל
און מיך באַצוואונגען מיט זיין בליק,
מיך אויפגעוועקט פון טרויער־דרימל
און מיר געשאָנקען ס'העכסטע גליק.
און נאָך דער חופה, באַלד אויף מאָרגן,
אַ רייזע העכער איבער שווייץ.
מיט יעדער רגע מער פאַרבאָרגן
האָט זיך אין מיר זיין זעל, זיין רייץ.
איך האָב געפילט, איך הויב אָן שווינדן,
און ווער אויס איך, איך בין נאָר ער...
איך האָב געקאָנט אים שטערן צינדן,
דערלאַנגען אים דעם „גרויסן בער".
און ער געליבט אַזוי די שטערן,
געטרוימט מיט מיר אין זיי אויפהערן...

## XXIII

„יאָ, אויף דעם אָרט, וואו מ'יר דאָ זיצן,
האָט אים באַצויבערט בילד און רוים.
און ווען פאַרענדיקט ער איינקריצן
די נעמען אונזרע אין דעם בוים,
האָט ער אַ פיר געטאָן אין שטח
די דרייסטע האַנט. און דאָס זיין וואָרט:
‚ווען איך וועל שטאַרבן... זיכער, בטח,
וויל רוען איך אויף אָט דעם אָרט...'
ס'האָט גאָט אים באַלד אַוועקגענומען,
אַ פייער האָט אים בייז פאַרצערט.
בין איך מיט אים אַהער געקומען,
דערפילט זיין וואונש. אַזוי באַשערט.
רוט ער אָט דאָרטן ביי דעם בוים,
און איך אָט דאָ אין לעצטן טרוים."

XXIV

זי האָט געענדיקט. ער געשוויגן.
וואָס קאָן ער זאָגן איר אַצינד ?...
אַ מענטש קאָן זיך דאָך ניט באַטריגן
ווען ער פילט טויט פאַר קיינעמס זינד.
נאָר איז זי טויט ?... איר אייגן וועזן
מוז שטענדיק האַפטן אָן נ י ט ־ ז י י ן ?...
אַ זעל קאָן ווערן אויך גענעזן
דורך טיפע ליידן און דורך פּיין.
ער קוקט אויף איר. די שוואַרצע אויגן
נאָך שיינען ליכטיקער אין צער...
די שולטער תּפילה׳דיק געבויגן,
די ליפּן בלאַס, די באַקן דאַר.
דאָס גאַנצע ווען הייליק־פרעמד,
צו בענטשן ליכט דאָך אירע הענט.

XXV

און פּלוצלונג האָט גענומען ברויזן
אין עזראַ׳ן שאַרפער אַ פּראָטעסט.
דער קבר דאָרט... די ווייסע רויזן...
זי מוז אַרויס פון טויטננעסט !
דאָס איז ניט אידיש. קיין יסורים
טאָר ניט פאַרצערן ווילנסקראַפט
צו שאַפן ווייטער אין גאָטס פורם,
דאָס לעבן מוז דאָך האָבן האַפט.
און נאָנענטום מיינט דאָך אַנטרינען
פון דעם נסיון וואָס לעבן הייסט.
דער מענטש מוז פאָדעם ווייטער שפּינען,
אין ו ו י י ט ע ר ־ ז י י ן געפינען טרייסט.
ער וועט איר זאָגן וואָס ער טראַכט...
נאָר ניין. צו טיף איז דאָ די נאַכט.

XXVI

ער איז אַוועק מיט וואָרט פאַרשלאָסן,
האָט קוים געזאָגט צו איר אַדיע.
די לופט אַרום האָט קיל געגאָסן —
דאָרט ברענט און ס׳ברענט ניט אויס אַ „סנה״...
אַ בלום פאַרוואַנדלט אין אַ דאָרן,
אין פלאַם פון טרויער איינגעהילט,
צו ברענען אייביק האָט געשוואָרן
ביז לעצטער ווינטל לעשט און שטילט.
ער האָט געהאַט זי שיר פאַרגעסן
זייט יענעם טאָג אין אָבערלאַנד.
פון צער די אייביקע פרינצעסין
דאָ קלאַמערט ביי אַ קבר־ראַנד.
עס ברענט אַ זעל אין איר פאַרגאַנג —
אַן אויספלוגטאָג. אַ לעבנלאַנג.

XXVII

און שנעל געלאָפן זיינען טעג,
פיל מער אין טרוימען ווי אין טאַט
דאָס שטודיום נענטערט זיך צום ברעג,
נאָר פיל, גאָר פיל, זוכט זין און פשט.
פון תכלית עזרא קוים געקלערט,
נאָר דאָס געמאָנט ביים טיר און שוועל.
איז דיכטער־שיקזאַל אים באַשערט?
איז דאָס דער ציטער פון זיין זעל?
אַ אידיש קינד. דער וועג פאַרשפאַרט
נאָך רוסלאַנד קריק — וואוהין דער צוג?
דאָס שטרעבן, קאַמף, אַלץ וואָס געגאַרט,
זיין האָרך אין זיך — קאָן זיין באַטרוג?...
על פרשת דרכים שטייט מיין העלד,
אַ פּראָבלעם פלוצלונג אים די וועלט.

XXVIII

ער איז געשטאַנען אויף אַ בריק,
וואָס טיילט פאַנאַנדער לאַנד מיט לאַנד.
זיין בליק געפאַלן אויף צוריק,
נאָר האַרץ געקלאַפּט האָט נאָכאַנאַנד:
פאָראויס! גיי ווייטער! נאָך אַ שריט!
אַהינטער קלאָגט די נאַכט פון צער.
דו קאָנסט ניט בלייבן אינדערמיט,
וואו ס׳בלייבט פאַרשאָלטן יעדער נאַר.
און אונטן ליגט אַ תהום צעשפּרייט
פון דיינע ניט־דערפילטע טעג.
גיי ווייטער, שמיד און צי די קייט!
דו מוזט דערגרייכן יענעם ברעג,
וואו דו קאָנסט שטעלן דיינע טריט,
אין קלאַנג פון עבר אָפּגעהיט.

XXIX

און שיקזאַל, זאָג, ווער האָט באַשטימט?
ווער קאָן אָנצייכנען יענעם וועג
פון זיין פאַרגעסן, צי באַרימט?
גאָטס האַנט. קיין אַנדער. און ניט פרעג.
עס ליגט אַ גרענעץ אויף אין מאַכט
פון בייזן ווילן, טעמפּן שטער.
אַ פונק געוואָרפן אין דער נאַכט
אָנצינדן מוז אין אויג אַ טרער.
און קומט די טרער פון נאָנטער פרייד,
באַזינג זי אין דיין מאָרגנליד;
קוועלט זי אַרויס פון שונא׳ס לייד,
צו זינגען שוין קיין אונטערשיד.
דו האָסט דעם שיקזאַל אין די הענט
ווען זיך אַליין האָסטו דערקענט.

XXX

צו שמידן קייט, וואָס דורות לאַנג
האָט גאָט געפלאָכטן אין דעם שפּיל,
איז צו דערזינגען אַ געזאַנג,
וואָס זיין אַקאָרד ווערט קיינמאָל שטיל.
עס פלאַמט די קייט אין דיינע הענט,
קיין אָפּשטעל דאָ און קיין פאַרהאַלט!
און האָט אַ רינג דיר ווער פאַרברענט,
שוין טויכט ער אויף אין נייגעשטאַלט.
די פעדים דין. דאָס פייער גליט.
ס'איז ליד דיינס קיום אין געפלעכט.
דיין שכר האָסטו אין דיין געמיט,
אין דעם מעטאַל, וואָס שמידט זיך עכט.
און ניט פאַרגעס: דעם פלאַם גאָר הויך!
אין שמידן קוועלט דיין לעבנס־תוך.

XXXI

עס טרעפט אין לעבן אַ מאָמענט
ווען היינט קוקט טריב, דער מאָרגן גרוי,
און מדריך־האַרציק קומען הענט,
דער הימל לויכט דיר אויף אין בלוי.
דו קוקסט זיך אום: אַ נייער פריינט,
ערשט נעכטן האָסטו אים דערזען,
און שוין אין צענטער פון דיין היינט
שטייט ער ווי אייביק דאָ געווען.
און זיכערער איז איצט דיין בליק,
פאַרשטענדליכער דיין נעקסטער טראָט,
און דרייסטער פאָרמסטו דיין בריק
צום מאָרגן, וואָס שוין כישוף האָט.
דו שטייסט ניט מער אויף שיידעוועג,
און באַלד „אַדיע, סטודענטנטעג!"

XXXII

דער נייער פריינט. איך שטעל אים פאָר :
ברונעט אַ בחור, אַ סטודענט.
אין מיטן צוואַנציק זיינע יאָר.
השכלה האָט פאַר אים פאַרברענט
דעם כסא פון אַ רבי׳ס הויז,
וואָס בירושה נאָך פון בעש״ט,
לתרבות רעה ער פרי אַרויס.
די וועלטבאַפרייאונג (און דאָס רעשט)
האָט אים אַ לאַנגע צייט פאַרכאַפּט.
בערלין און ווין און ענדלעך שווייץ,
דאָס אידישקייט פון זיך געקלאַפּט
מיט אייפער. טריי השכלה׳ס רייץ.
נאָר תשובה איז געקומען שנעל,
מיט שיבת ציון ברענט זיין זעל.

XXXIII

זיין האַלטונג רואיק, שיר ניט קאַלט,
ווי חסידות קיינמאָל אין זיין בלוט.
אַן אָפּשיין פון רבי׳סטוואָ פאַלט
דאָך לייכט אויף אַלץ, וואָס ער נאָר טוט.
געצאַמטע פאָזע די נאַטור,
באַרעכנטקייט ביים רבי׳ס זון,
און פון התלהבות קוים אַ שפּור,
מיין ליטעס זון האָט מער דערפון.
אין דעם סטודענטישן פאַריין,
די מיצן פאַרביק־נאַציאָנאַל,
די הערצער נאָך מיט חלום ריין —
פאַראייניקט זיי איין אידעאַל.
דער חסיד פּראַקטיש אין זיין טרוים,
מתנגד מיט זיין פלי׳ אין רוים.

## XXXIV

און דאָ ביים ברעג פון גענפער זעע
שפּאַצירןביידע העלדן מיין.
געשלאָסן אָרעמס פריינט די צוויי
מיט בליקן אין דעם שפּיגלשיין.
אַ נין ונכד לאחי הגאון,
אַ נין ונכד פון בעל שם,
אין פאַרביק מיצן אָנגעטאָן,
געשוואָרן: תיכף פון דעם קלעם
אַרויס! פון גלות, וואָס געדריקט
דאָס פאָלק אין אַלט און נייער צייט.
די זיידעס, ווען אויך אין קאָנפליקט,
פון שיבת ציון גאָר ניט ווייט
געוועזן במעשה. יאָ, אין וועג...
„דעם המשך מיר אין אונזרע טעג."

## XXXV

האָט ווער דאָס וואָרט אַרויסגעבראַכט
וואָס ביידע אין געדאַנק געהאַט?
אַ רעיון קוועלט, אַ רעיון וואַכט
אין האַרץ פון פאָלק. אויף יעדן בלאַט
פון זיינע תפילות לויפט צופאָר
ב אַ פ ר יי א ו נ ג. קינדער ווייט צעשפּרייט,
געטיילט אין כיתות — דור צו דור
פאַרקינדיקט אָנזאָג: רייס די קייט
פון קנעכטשאַפט! איבער ים׳ען, ערד,
אין ווייטן מדבר, נאָנטן פּלוין,
אויף אַלע שטעגן הויך זיך הערט
דער רוף: „די גאולה איז דיין לוין."
אַזוי דאָס וואָרט האָט איצט געשאַלט
פון הערצער צוויי. און מער קיין האַלט.

XXXVI

„איר ווייסט״, זאָגט עזרא אין אַ וויץ,
„איר זייט אין חרם דאָך ביי מיר...״
— „די זיידעס... יאָ... מחלוקת־היץ...
געלייגט זיך שטיינער ביי דער טיר.״ —
האָט אָפּגעענטפערט חסידות־צד
אין וואָרט געצײלט און זיך פאַרקלערט:
— „געדעכט דער פאָטער פון חב״ד.
ווען ניט זיין שיטה וואָלט געמערט
זיך זלזול תורה, ביטול דעת.
געוויס, אַ צייט פון יאוש, פיין,
נביאות־שקר. ס׳פאָלק זיין מס
געצאָלט גאָר שווער פאַר יעדן שיין,
וואָס זיך באַוויזן אין דער נאַכט,
און הימל לאַנג פאַר אים פאַרמאַכט״. —

XXXVII

ביים בלויען זעע נאָך פיל שפּאַצירט
די קינדער פון צוויי שיטות גרויס,
וואָס לאַנג גאָטס קריג מיט ברען געפירט,
געשפּאָלטן שיר ישראל׳ס הויז.
די אייניקלעך ניט מער אין קריג.
די שיטות מער ניט פון באַדייט.
קיום האומה איז דער זיג.
ס׳איז די כוונה אויך אין צייט
פון בעש״ט און גאון דאָך געווען:
דער בעסטער דרך פאַר דערהאַלט
פון פאָלק אין גלות ביז געשען
דער נס און משיח׳ס שופר שאַלט.
דעם שופר שוין די צוויי דערהערט:
כיבוש האָרץ און אָן שווערד.

XXXVIII

אין אַ פרימאָרגן איבער זעע
די זון האָט פלאַמיק אויפגעלאַכט,
און פון אַ ברוסט האָט אַ געשריי
פון פרייד אין חלל מיטגעקראַכט.
מיין עזרא׳ס קול ביי זיין אויפשטיין
האָט זיך צעשפּילט אין אָפשיידגרוס
צו שווייץ, סאַלעוו, מאָנבלאַן אַליין,
צו גענף, דעם זעע, דעם רהאָן־אויסגוס ;
צו אַלע פריינט אין שפּיל פון טעג,
חלומות אין די נעכט געוועבט —
יאָ, ענדלעך קומט ער צו אַ ברעג,
אין מזרח, דאָרט, דער צייכן שוועבט...
מיין עזרא מיט זיין נייעם פריינט,
אַ בליק אַהין, וואו זון דיר שיינט.

XXXIX

האָב איך דעם לעזער ניט צו לאַנג
פאַרהאַלטן מיט סאָנעט און גראַם ?
ס׳האָט אַלץ אַ גרענעץ. אויך געזאַנג.
אַ בילד פאַרענדיקט זיך אין ראַם.
ניט לייכט צו צייכנען אימפּעט, מאָס
פון טריט און ראַנגל פון אַ קינד,
וואָס זיך פון אָרעם ליטעס כוס
גענערט און יונג מיט שטורם־ווינט
געריסן זיך צו ליכט, באַשייד,
און ווען אַרויס אויף ברייטן שליאַך,
פאַרנומען קלוגע מענטשנס רייד,
געטרוימט, מיט הימל אַלס זיין דאַך,
האָט ער מיט שמערצן אַלץ געפילט,
אַז פיל, גאָר פיל, בלייבט אים פאַרהילט.

XL

געוועזן מיין ציל איז קיין ראָמאַן,
באַגלייטן בלויז מיין יונגען העלד
זייט ער געמאַכט דעם ערשטן שפּאַן
אַריין אין אונזער סודות־וועלט
און באַלד דערפילט, אַז ערד איז האַרט,
גאָר שנעל דערזען, אַז האָריזאָנט
איז ווייט; דער הימל איינגעשאַרט
האָט אַלע שטערן, אויך דעם מאָנד:
(מחילה פאַר דאָס צאַרטע וואָרט
פון אונזערע מאַמעס פּאָעזי!)
אַז באַרג ווי פעלז שטייט אויף אַן אָרט
און פויגל לעבן אינעם פלי...
אַזוי האָב איך שוין זיינע טריט
באַלויכטן ביז צום לעבנסבליט.

XLI

אַזוי האָב איך אויך צוגעזען
ווי אָפט ער האָט זיך הויך פאַרמעסט.
מיט יראה פאַר דעם „איז געוועזן"
האָט ער געבויט זיך דרייסט אַ נעסט
מיט אייגן ליים און מאָרגנטוי,
פון וואַנען ער האָט טיף געבליקט
צו זונאויפגאַנג, דורך וואָלקן גרוי;
ווי ניט פאַרבלייבן וואו דערשטיקט
האָט ער געוואָלט אויף דעם פּלאַנעט,
ווי ער געפלאַקערט האָט מיט גלוט
פאַר פרייהייט. פון דער פרי ביז שפּעט
אין טרוים און קאַמף. האָט ניט גערוט.
אויב, פריינט, אידייע דיר דאָ פעלט,
מוז מאַנגלען אויך אַזוי די וועלט.

XLII

איך בין אַ פּריינט פון העלד אין בוך,
ער איז אין לעבן דאָס מיר אויך.
איך ווייס: ער טראָגט אין האַרץ אַ פלוך
פאַר טעג וואָס פּוסט אַוועק מיט רויך.
איך ווייס: ער בענטשט די שעה, מינוט,
וואָס טראָגט אַ צייכן פון זיין זעל,
ווען הייס געזונגען האָט זיין בלוט
דורך האָריזאָנטן ווייט און העל.
געוויס, ער האָט מיט פלינקער האַנט
פאַרטרויען, גלויבן לייכט פאַרזייט,
ניט איינמאָל ביי דעם אָפּגרונט־ראַנד
געזען זיין לעבן אָפּגעקייט.
אויב ניט פאַרלאָרן זיך אין שפּיל
צו דאַנקען האָט ער זיכער פיל.

# באַמערקונגען

## טייל איינס

סאָנעט XVII, שורה 8. שנאַרגלין — אַ פאַרלאָזטער איינזאַמער ישוב אויפן וועג צווישן אָקמעאַן און זאַגער. אין דער ערשטער העלפט פון ניינצענטן יאָרהונדערט האָט דער אָרט געשמ׳ט מיט זיין תושב ר׳ אהרן שנאַרגלינער, וועגן וועמען עס האָבן זיך אַרומגעטראָגן פיל לעגענדעס, אויך אַז ער איז איינער פון די ל״ו. (ער איז, אַגב, דער העלד פון מיין דראַמע „דאָס געזאַנג פון דער ערד״ — ר׳ אייזיקל דער ברויער.)

סאָנעט XLIII, שורה 14. אין דער צייט פון דער אָקטאָבער רעוואָלוציע האָבן צייטונגען געמאָלדן, אַז נאַרישקין האָט באַגלייט דעם צאַר אין זיין פאַרשיקונג.

סאָנעט LXXVII, שורה 11. בוד — קראָם. אַ לאָקאַליזם. שטאַמט געוויס פון דעם דייטשן וואָרט „בודע״ נאָך פון די צייטן, ווען דייטשע הענדלער פלעגן קומען אויף די גרויסע יאַרמערק און אויסשטעלן זייער סחורה אין ביידלעך.

סאָנעט LXXX, שורה 2. דר. שמריה לעווין. נאָך זיין באַזוך אין זיד־אַפריקע האָט ער דעם דאָרטיגן אידישן ישוב אָנגערופן אַן „אויעזד אין קאָוונער גובערניע״.

סאָנעט LXXX, שורה 11. לאַנגיעריגער באַליבטער דאָקטאָר אין זאַגער. אַ זון פון אַן אָרימען מלמד אין קורלאַנד. שטודירט אין דער ווילנער ראַבינער שול און אין דער מעדיצינישער אַקאַדעמיע אין פעטערבורג. געווען פאָלקאָוואָי דאָקטאָר אין דעם רוסיש־טערקישן קריג. אין זאַגער האָט ער געהאָלפן פאַרשפרייטן השכלה דורך עפענען די ערשטע עפנטלעכע ביבליאָטעק.

סאָנעט LXXX, שורה 12. אַ וואַלדאויפזעער ביי די דייטשע באַראָנען פון דערבייאיקן קורלאַנד, אָדער ביי נאַרישקין, איז ער אין שטאָט געווען באַקאַנט אונטער זיין דייטשן נאָמען „פערשטער״.

סאָנעט XCVIII, שורה 14. יצחק קאַצענעלסאָן. אין זיין אויסגע־צייכנטער פּאָעמע „בגבולות ליטע" שילדערט ער אין דעם הומאָריסטישן ליד „ליטאַ שלי" דאָס ליטווישע פּויערים לעבן אַזוי:

ונשיה חולבות פרות,
והבעלים שותים;
והבתולות שם עקרות,
הבחורים פותים.

## טייל צוויי

דער סאָנעט „אָדעס, די שיינהייט פון דעם דרום" איז געשריבן געוואָרן ווען די שטאָט איז נאָך געווען אָקופּירט פון דעם שונא.

סאָנעט XXIV, שורה 14. (רוסיש) ניין און זעלטן יאָ.

סאָנעט XXV, שורה 10. בילדונג.

סאָנעט XXIX, שורה 4. לערביכער.

סאָנעט XXIX, שורה 8. בוכשטאַבן אין אַלטן רוסישן אַלפאַבעט מיט דעם קלאַנג פון „ע". אין דער נייער רוסישער אָרטאָגראַפיע איז דער „יאַט" עלימינירט געוואָרן.

סאָנעט CXI, שורות 5—14. מיט אַן ערך דרייסיק יאָר שפּעטער האָב איך אין אַ נויאָרקער אידישער צייטונג געזען געדרוקט אַ בילד פון אַ פרוי, מיט דער צושריפט, אַז די פרוי איז געשטאָרבן אין ריגע און אַז זי איז „דאָס מיידל פון די פּאָטיאָמקין טעג אין אָדעס, וועלכע איז פאַרבליבן אַ לעגענדע אין דער רוסישער רעוואָלוציע. דער נאָמען פון דער פרוי איז אָנגעגעבן געוואָרן אַלס ליפשיץ (אָדער ליפשיץ?).

## טייל פיר

סאָנעט XII, שורה 10. „אַכציקער" — די באַוועגונג „נאַראָדני־טשעסטוואָ", וואָס איז אַנטשטאַנען אין רוסלאַנד אין די זעכציקער יאָרן פון לעצטן יאָרהונדערט און געפּרעדיקט „גיין אין פאָלק" צו ברענגען אים אויפ־קלערונג, האָט אין די זיבעציקער יאָרן פאַרלאָרן איר רעוואָלוציאָנערן אימ־פּעט. אין די אַכציקער יאָרן איז „אויפקלערונג" שוין געווען כמעט אויס־שליסלעך אַ לאָזונג פון רוסישן ליבעראַליזם. אירע אָנהענגער ווערן דערי־בער אָפט באַצייכנט אַלס „אַכציקער".

סאָנעט XIV, שורה 6. גאָ זלאבו דניאָ — אויף אַ ברענענדער טאָג־פּראַגע.

## טייל פינף

סאָנעט XIV, שורה 9. פראַנסוא באָניוואַר (1493—1570), אַ פּייער־דיקער רעפּובליקאַנער און קעמפער פאַר דער אומאָפּהענגיקייט פון גענף קעגן די בישאָפן און הערצאָגן פון סאָוואָי. פאַרשיקט אין דעם שלאָס שילאָן, וואו ער איז געזעסן געשמידט אין קייטן פון 1530 ביז 1536, ווען ער איז דורך די בערנער פרייהייטס־קעמפער באַפרייט געוואָרן. ער איז דער העלד פון לאָרד בייראָנס פּאָעמע „דער געפאַנגענער פון שילאָן".

פון

# ל. קוסמאַן

ביז איצט דערשינען:

—o—

**ב י י ם פ ר ע ס ע ר**

איינאַקטער, פאַרלאַג אַטלאַנטיס, נויאָרק, 1922

—o—

**ד ע ר ג ע ל ע ר מ ו י ע ר**

דראַמע אין 3 אַקטן, נויאָרק, 1926

—o—

**ד אָ ס ג ע ז א נ ג פ ו ן ד ע ר ע ר ד**

דראַמע אין 9 בילדער, פאַרלאַג פון ב. קלעצקין, ווילנע, 1930

—o—

**נ אַ ר נ ב ו נ ד**

פאַנטאַסטיש־דראַמאַטישע טרילאָגיע,

פאַרלאַג אַטלאַנטיס, נויאָרק, 1931

—o—

**ד י א ו מ ר ו**

(פּאָעמע) און אַנדערע לידער

פאַרלאַג אַטלאַנטיס, נויאָרק, 1933

—o—

**ל י ט װ י ש ע ג ע ש ט אַ ל ט ן**

דערציילונגען, פאַרלאַג בזשאַזאַ, װאַרשע, 1936

—o—

**א י ן ש פּ י ג ל פ ו ן ה אָ ר ס אָ ן**

פּאָעמע, פאַרלאַג בזשאַזאַ, װאַרשע, 1938

—o—

**מ י י ן ש ט אַ ם**

לידער, פאַרלאַג אַטלאַנטיס, נויאָרק, 1940